י. פריילין

# יוסף אָפּאַטאָשוס שאַפונג-וועג

פאַרלאַג:
גרשון פּאָמעראַנץ
עסיי - ביבליאָטעק
טאָראָנטאָ, קאַנאַדע

י. פ ר י י ל י ך

# יוסף אָפּאַטאָשוס שאַפונג־וועג

אדר א׳ תשי״א — פעברואַר, 1951

הונדערט און פיר און זעכציק זייטן

גערדרוקט אין דער
פּאָמער פּאָבלישינג און פּרינטינג קאָ.
גרשון פּאָמעראַנץ, אייגנטימער
206 ספּעדיינע עוועניו — טאָראָנטאָ, קאַנאַדע
36

# י. אָפּאַטאָשו

## / ביאָגראַפֿיע־נאָטיצן /

●

1/ כ׳בין געבוירן געוואָרן אין סטופּסקער וואַלד, הינטער מלאַווע, אין ניטל, דעם 24־טן דעצעמבער, 1886.

(כ׳האָב אָנגעשריבן אַ צענדליק דערציילונגען: „ניטל״, „אין דער נאַכט פֿון ניטל״.)

2/ כ׳הייס: **יוסף מאיר** אָפּאַטאָווסקי.

יוסף — נאָך מיין טאַטעס זיידע פֿון דער מוטערס צד, **ר׳ יוסף טוכהענדלער**, אַ קאָצקער חסיד און אַ רייכער שניט־סוחר. געוואוינט האָט ער אין טשעכטשאַנאָווע.

**מאיר** — נאָך מיינס אַן עלטער־עלטער זיידע, דער לאָסקער און פּיעטערקאָווער רב, ר׳ מאיר בר׳ אליקום געץ. ער האָט אָנגעשריבן די הקדמה צו זיין פֿאָטערס ספֿר: „שו״ת אבן השהם״. אין 1886, ווען איך בין געבוירן געוואָרן איז פּונקט געווען 200 יאָר פֿון ר׳ מאירס געבורט.

**אָפּאַטאָווסקי** — איינער פֿון מיינע זיידעס, ר׳ אליקום געץ, איז געווען אַן אָפּטער איידעם (אַן ערך 1785) — אָפּט־אָפּאַטאָוו — דער־פֿון דער נאָמען אָפּאַטאָווסקי.

3/ אַז כ׳בין אַלט געוואָרן פֿינף יאָר, אין 1891, זענען מיינע עלטערן אַוועק פֿון סטופּסקער וואַלד און האָבן זיך קריק באַזעצט אין מלאַווע. מיין פֿאָטער האָט געהאַנדלט מיט וואַלד.

4/ מיין פֿאָטער — **דוד** אָפּאַטאָווסקי.

5/ מיין מוטער — **נאַנטשע** (פֿון דער היים דאָמבקעוויטש).

6/ מיינע צוויי ברידער — **משה** געבוירן 1880 און **פּייוול־שרגא** — 1883.ביידע זענען אומגעקומען מיט זייערע משפּחות אין קאָנצענטראַציע לאַגערן.

7/ מיין פֿאָטער, געבוירן 1858, אין טשעכאַנאָוועץ, איז געווען אַ למדן אַ משכיל. ער האָט געשריבן העברעאישע לידער. אַלע העברעאישע שירים אין מיינע כתבים זענען זיינע. ער איז געווען פֿון די ערשטע טעטיקע חובבי־ציון. ער האָט געצויגן זיין אָפּשטאַם פֿון ר׳ מאיר פֿון טאַנהויזן, מיטל פֿראַנקאָניע (1530). דאָס האָב איך באַשריבן אין דער דערציילונג: „אַ שבת נאָכמיטאָג״ — („ווען פוילן איז געפֿאַלן״, זייט 214), אין 1906 איז מיין פֿאָטער געקומען קיין ניו־יאָרק. דווקא אין אַמעריקע איז ער שטאַרק פֿרום געוואָרן און האָט זיך אָפּגעגעבן מיט קבלה. געשטאָרבן איז ער אין 1912 („טויט״, באַנד 8, זייט 81).

8/ מיין מוטער, נאַנטשע, האָט געשטאַמט פֿון וואַלד־יידן. איר פֿאָטער, אברהם דאָמבקעוויטש, אַ רייכער אַרענדאַר, האָט נישט געקענט שרייבן. איך מאָל אים אין מיין דערציילונג „אין חשוונדיקע רעגנס״ („ווען פוילן איז געפֿאַלן״, זייט 208). מיין מוטער האָט יעדן שבת געלייענט די סדרה אין פוילישן, אין צילקאָווס תנ״ך איבער־זעצונג.

9/ כ׳האָב כמעט אין קיין חדר נישט געלערנט. ביי פנחס דעם מלמד האָב איך געלערנט עברי. חומש האָב איך שוין געלערנט אין אַ ליטווישן חדר־מתוקן, ביי יוזשעלעווסקין, וועמען מיין פֿאָטער האָט אַראָפּגעבראַכט פֿון וואַרשע. ווען כ׳בין אָנגעקומען אין דער רוסי־שער פֿאָלקשול, צו סאַנינאָ׳ן, צען יאָר אַלט, האָב איך שוין געלערנט ביים טאַטן, געלערנט העברעאיש און תנ״ך. צו צוועלף יאָר האָב איך געענדיקט די רוסישע פֿאָלקשול. דער טאַטע האָט מיט מיר גענומען לערנען גמרא, מיט מיר און מיט מיין עלטערן ברודער פּיוועש. אי זומער, אי ווינטער, זענען מיר זעקס פֿאַרטאָג שוין געזעסן און געלערנט. צו פֿערצן יאָר האָב איך שוין געלערנט „מורה נבוכים״, דעם „כוזרי״, געקענט אַ שטיקל אבן־עזרא. צו פֿופֿצן יאָר בין איך אָנגעקומען אין וואַרשע אין אַ האַנדל־שול. מיין ברודער פּיוועש, וואָס איז שוין דעמאָלט געווען אין אָדעס אויף לערער־קורסן, האָט געשריבן אין יידיש און אין העברעאיש. די העברעאישע דערציילונגען האָט ער געדרוקט אין לאָנדאָן, אין סאָ־קאָלאָווס „הדגל״. איך האָב דעמאָלט נאָך נישט געשריבן. איך האָב

אַ סך געלייענט. מיין פֿאָטערס העברעאישע ביבליאָטעק האָב איך געקענט פֿון אויסווייניק. געווען פֿאַרליבט בין איך אין בערדי־טשעווסקין, אין פּרצן. דעם ווינטער פֿון 1900 האָב איך זיך אַרומ־געטראָגן מיט ר׳ אבי עד שר שלום באזילהס „אמונת חכמים״, מיט זיינע ראיות, אַז דער שכל איז נישט אַלץ. אַן אינטערעסאַנטער אי־טאַליענער. כ׳האָב שוין דעמאָלט געקאָנט די פּוילישע ליטעראַטור, די רוסישע.

10/ סוף 1905 בין איך אַוועק קיין נאַנסי, פֿראַנקרייך. כ׳בין אָנגעקומען אויפֿן פּאָליטעכניקום, האָב גענומען לערנען אויף אינ־זשינער. סוף 1906 בין איך קריקגעקומען קיין פּוילן, נישט געהאַט קיין מיטלען צו שטודירן. דעמאָלט האָב איך אָנגעשריבן מיין ערש־טע דערציילונג: „אויף יענער זייט בריק״ און בין אַוועק מיט דער דערציילונג צו י. ל. פּרצן. כ׳האָב עס באַשריבן אינעם אַרטיקל: „ווי כ׳האָב י. ל. פּרצן געזען״ (זאַמלבוך — „י. ל. פּרץ״, ליטעראַרי־שער פֿאַרלאַג, ניו־יאָרק, 1915, זייט 43).

11/ דעם **עלפֿטן מערץ** 1907 בין איך אָנגעקומען מיט דער שיף טראַווע קיין ניו־יאָרק. דאָ האָב איך געאַרבעט אין שעפּער, ביים פֿונאַנדערטראָגן צייטונגען (מיין ראָמאַן: „פֿון ניויאָרקער גע־טאָ״), בין אָנגעקומען אין קופּער־יוניאָן אויף אינזשינער.

12/ סוף 1910 האָב איך אָפּגעדרוקט אַ צווייטן וואַריאַנט פֿון מיין ערשטער נישט געדרוקטער דערציילונג: „אויף יענער זייט בריק״ (זאַמלבוך: „ליטעראַטור 2״).

13/ אין 1912 האָט זיך מיין: „אַ ראָמאַן פֿון אַ פֿערד־גנב״ געדרוקט אין זאַמלבוך: „שריפֿטן 1״. דער ראָמאַן איז געווען ברייטער פֿאַרטראַכט. רחל, זאַנוולס געליבטע, איז געווען שרהקע פֿון „אַליין״. דער „פֿערד־גנב״ און „אַליין״ — איין ראָמאַן. קאָלעגן, וואָס האָבן געלייענט דעם ראָמאַן, זענען באַשטאַנען כ׳זאָל שרהקן, ס׳וואַלד־מיידל, צונעמען פֿון זאַנוולען. כ׳האָב זיך געלאָזט איבער־רעדן. זאַנוויל־שפּורן זענען אָבער געבליבן אין „אַליין״, וואָס האָט פֿריער געהייסן: „אַ ראָמאַן פֿון אַ וואַלד־מיידל״ (געדרוקט אין „צו־קונפֿט, 1918״.

14/ אין 1913 האָב איך אָפּגעדרוקט אין „שריפטן 2", „מאָריס און זיין זון פיליפ". ס'זעלבע יאָר בין איך אַוועק פון די „שריפטן" און האָב אַרויסגעגעבן דאָס זאַמלבוך: „די נייע היים", 1914, וואו מיין ראָמאַן: „פון ניו־יאָרקער געטאָ" האָט זיך געדרוקט.

15/ אין די יאָרן 1912־14 האָב איך אַ סך געלייענט די כראָ־ניקעס: „סדר החכמים וקורות הימים", וואָס נויבאוער האָט אַרויס־געגעבן. כ'האָב זיך אַריינגעלייענט אין גרעצן, אין דובנאָוון.

דער מיטלאַלטער — גזירות, רדיפות, קידוש־השם. ווי האָבן יידן עס דורכגעלעבט? און אַז כ'האָב ביי דובנאָוון סוף נײַנצנטן יאָרהונדערט אָנגעטראָפן די זעלבע גזירות און רדיפות, איז עס מיר געוואָרן קשה? האָב איך דאָך געלעבט אין די נײַנציקער יאָרן פון נײַנצטן י"ה, געלעבט אין דער פויליש־רוסישער גרענעץ־שטאָט מלאַווע און זיך געחברט מיט יידישע און קריסטלעכע קינ־דער, מיר האָבן זיך צוזאַמען געבאָדן, צוזאַמען געשפּילט אין „פּאַ־לאַנט", צוזאַמען זיך געגליטשט און געשפּאַצירט און אַז גזירות — זענען די געווען אויפן פּאַפּיר — יידן האָבן די גזירות נישט אָפּ־געהיט. מלאַווע איז געווען אַ חסידיש־מולכישע שטאָט. און אַז ס'איז געקומען שבת, ס'איז גיקומען אַ יום־טוב, זענען די קריסטן געווען אין גלות ביים ייד. איז איך האָב זיך געטראַכט: „אויב ס'נײַנצנטע י"ה ווערט אַזוי פאַרצייכנט בײַ שרײַבן פון אונדזערע היס־טאָריקער, ווער ווייסט צי זיי טרײַבן אויך נישט איבער מיטן מיט־טלאַלטער?" און זיי האָבן איבערגעטריבן. חוץ דעם האָבן זיי אונדז בלויז געגעבן דעם „שבת" און דעם „קידוש־השם". די זעקס וואָ־כעדיקע טעג האָבן זיי דורכגעלאָזט. דער דורכגעלאָזטער „אינדער־וואָכנס" האָט מיך געטריבן צום היסטאָרישן ראָמאַן, האָט מיך גע־טריבן כ'זאָל אָנשרייבן „אַ טאָג אין רעגנסבורג", כ'זאָל געבן דעם עם־הארץ פון ר' עקיבאס צייט, כ'זאָל געבן דאָס אינדערוואָכנס נישט בלויז פונעם עם־הארץ, נאָר אויך פון ר' עקיבאן און פון זיינע תלמידים.

**י. אָפּאַטאָשו**

**ניו־יאָרק, מאַי, 1950**

דער שאַפונג־וועג פון אַ שרייבער, פון אַ קינסטלער איז נישט אַלעמאָל גראַדליניק און באַרגאַרויפיק. נישט נאָר די טעמאַטיק, דער סטיל, דער אידייען־גאַנג, די סביבה פון שרייבער בייטן זיך אָפט, גייען איבער פון איין שטאַפּל צו אַן אַנדערן, נאָר עס געשעט אַ סך מאָל, אַז דעם שרייבערס, דעם קינסטלערס אָנהייב גייט זיך אַזוי שטאַרק פאַנאַנדער מיט זיין שפּעטערדיקער אַנטוויקלונג, אַז אונדז קומט אויס צו גראָבן גאָר טיף אין זיינע טריט, כדי צו געפינען וואָסערע עס איז שייכותן, וואָסערע עס איז וואָרצלען, וואָס פאַרבינדן זיין אָנהייב מיט זיין שפּעטערדיקן שאַפונג־גאַנג.

אין פּראָצעס פון זיך געשטאַלטיקן האָט יעדער שרייבער און קינסטלער דורכצוגיין די גילגולים פון זוכעניש, פון בלאָנדזשען, פון זיך געפינען. זיין גאַנג איז אַמאָל באַרגאַרויפיק, אַמאָל באַרגאַראָפּיק, אָפט זיג־זאַגיש, און אָט געשעט אַמאָל, אַז עס בליצט אויף אַ שרייבער ווי אַ מעטעאָר, הייבט זיך אויף באַלד ביים אָנהייב פון זיין שאַפן, צו די העכסטע הייכן, טוט אַ בליאַסק מיט בלענדיק ליכט און ווערט באַלד פאַרלאָשן. דאָס גאַנצע ליכט פון זיין קינסטלערישער אינטואיציע איז פאַרשווענדט געוואָרן אויף דער ערשטער אויסשטראַלונג זיינער און נאָכדעם, נאָך אָט דעם וואונדערלעכן פלי אין די הייכן, פאַלט ער, ווי אַ מלאך מיט פאַרברענטע פליגל, אַראָפּ צו דער ערד און קאָן זיך מער נישט טאָן קיין הייב, וואָס זאָל אַפילו זיינע אייגענע קנאַפּל דערגרייכן.

יוסף אָפּאַטאָשו קער צו דער קאַטעגאָריע שרייבערס, וואָס כאָטש זייער וועג איז נישט גראַדליניק, וואָס כאָטש עס זענען דאָ אַ סך זיג־זאַגן אין זייער גאַנג, גייען זיי דאָך כסדר פון שטאַפּל צו שטאַפּל, פון איין קינסטלערישער מדרגה צו דער צווייטער, גייען אַ טרעפּל אַרויף, בלייבן שטיין, טוען זיך אַמאָל אַ וואַקל, און אָט גייען זיי ווייטער, הייבן זיך אויפן לייטער פון שאַפן, מאַכן אַמאָל אַ צוריק טריט, און אין לעצטן סך־הכל זעען מיר זיי ווי זיי שטייען שוין גאָר הויך אויפן לייטער, שטייען דאָרט און קוקן נאָך אַלץ אַרויף, פאַרמעסטן זיך מיט אַלע קינסטלערישע כוחות, מיט טעמאַטיק, מיט פאָרם, מיט סטיל, מיט שפּראַך, פאַרמעסטן זיך צו דערגרייכן די העכסטע הייכן.

ביי שרייבער וואָס זענען באַגרענעצט אין זייער טעמע; ביי קינסטלערס, וואָס זייער כּוח ליגט אין אינטואיציע בלויז; ביי אַזעל־כע, וואָס ווילן זינגען ווי דער פֿויגל אויפֿן בוים, ביי זיי ווערט דער נאַטירלעכן אוצר פֿון דערפֿאַרונגען, דעם אוצר, וואָס איז דער קוואַל, די יניקה פֿון קינסטלערישן שאַפֿן, דער קוואַל ווערט אָפּט אויסגעשעפּט, אויסגעטרוקנט, און אויב דער דאָזיקער קינסטלער וויל זיך אַליין נישט אויסזאָגן דעם סוד, אַז אַלץ, וואָס איז אים געגעבן צו שאַפֿן האָט ער שוין אויסגעזונגען, אַז זיין כּוח־היצירה האָט זיך ביי אים געענדיקט אין דעם מאָמענט, ווען ער האָט אויסגענוצט דעם לעצטן טראָפּן פֿון זיין נאַטירלעכן קוואַל פֿון דערפֿאַרונגען; אויב ער קאָן זיך אַליין נישט באַפֿעלן: „דאָס האָב איך געהאַט צו זאָגן און כ'האָב עס שוין געזאָגט, איצט מוז איך אָנהייבן צו שווייגן", אויב ער קאָן נישט האָבן דעם דאָזיקן אויפֿ־ריכטיקן קאָנטראָל איבער זיך, און ער שרייבט ווייטער, שעפּט פֿון דער טרוקעניש, דעמאָלט זענען זיינע שאַפֿונגען בלויז עכאָס פֿון זיין אַמאָל, בלויז אָפּקלאַנגען פֿון זיין נעכטן, בלויז איבער־חזרונגען, וואָס האָבן נישט אין זיך קיין שמץ פֿון יענער עכטקייט מיט וועלכער זיינע פֿריערדיקע, זיינע ערשטע שאַפֿונגען האָבן זיך אויסגעצייכנט.

עכטע און אויפֿריכטיקע קינסטלער גיבן זיך אָפּ אַ חשבון־הנפֿש, אַז כּדי זייער וואָרט זאָל מיט זיך ברענגען פֿרישקייט און נייקייט, כּדי זייער קינסטלערישע אינטואיציע זאָל קאָנען ווערן עפֿעקטיוו אָנגעווענדט, כּדי זייער קוואַל פֿון דערפֿאַרונגען זאָל זיך נישט אויסשעפּן, מוזן זיי כּסדר באַרייכערן זייער סכום וויסן, אויסשפּרייטן און אויסברייטערן דעם שטח פֿון זייערע דערפֿאַרונ־גען, קולטיווירן זייער איינגעבוירענעם טאַלאַנט, אַרויסקוקן פֿון זיך אויפֿן אַרום זיך, און פֿון אַרום זיך פֿאַרוואַרפֿן די וויזיע, פֿאַרלייגן אַ בריק צום נעכטן און אים קינסטלעריש פֿאַרקניפּן מיט די דער־פֿאַרונגען פֿון היינט.

ווי די גרעסטע צאָל עכטע קינסטלער אין דער וועלט־לי־טעראַטור אַזוי האָט אויך יוסף אָפּאַטאָשו אָנגעהויבן זיין שאַפֿן פֿון די דערפֿאַרונגען, פֿון דער סבֿיבֿה, פֿון די פּערזענלעכע איבערלע־

בונגען, פֿון אַלץ, וואָס זיין אָפּן אויג האָט געזען, וואָס זיין אָנגע־שפּיצטער אויער האָט געהערט, דאָרט, וואו ער איז געבוירן און דערצויגן געוואָרן. דער סטופּסקער וואַלד, די וועלדער, וואו זיין זיידע פֿון דער מוטערס צד האָט יאָרן געלעבט, די וועלדער, דיביימער, די גראָזן, דער סכום דערפֿאַרונגען פֿון וואַלד־לעבן, פֿון לעבן נאָענט צו דער נאַטור מיט איר גאַנצן באַשאַף, די צוגע־בונדנקייט צו חיה און פֿלאַנץ, די איינגעוואָרצלטע ליבע צו די באַ־שעפֿענישן פֿון וואַלד און פֿעלד, דאָס זיין באַקאַנט מיט די אינ־סטינקטן, וואָס זענען ביי דער חיה פּרימיטיוו און עכט, אָט־דער אוצר, דער באַגאַזש פֿון דערפֿאַרונגען קומט צום אויסדרוק אין כמעט אַלץ, וואָס אָפּאַטאָשו האָט געשאַפֿן, זינגט אַרויס מיט עכטע קינסטלערישע טענער פֿון כמעט יעדן ווערק, וואָס אָפּאַטאָשו האָט געשריבן. די דערפֿאַרונגען זענען עכט און אייביק. דאָס פֿערד אין שטאַל ביים זיידן האָט געהירזשעט מיט דער זעלביקער פֿרייד, ווען מ׳האָט געגלעט זיין פֿעל, ווי עס הירזשען די פֿערד אין ווייטן ארץ־ישראל בעת פּאפּיאָס אָדער יהושוע צערטלען זיי, ווען זיי רייטן אויף די דאָזיקע פֿערד קיין קסריה, אין ראָמאַן „ר׳ עקיבא״, וואָס איז אַזוי ווייט אין סביבה און צייט, ווי ווייט ס׳איז דער ראָמאַן „פֿערד־גנבים״ פֿונעם ראָמאַן, וואָס גיט אונדז אַ פֿאַרבנרייך גע־שיכטלעך בילד פֿון אונדזער אַמאָליקן לעצטן אויפֿשטאַנד קעגן רוים.

די צייט האָט זיך געענדערט, די מענטשן זענען אַנדערע, די סביבה איז אַנדערש, אָבער די נאַטור איז געבליבן נאַטור און מענטש און חיה, זייערע פֿונדאַמענטאַלע איינגנשאַפֿטן, זייערע איינ־געבוירענע אינסטינקטן זענען געבליבן כמעט ווי נישט פֿאַרענ־דערט. ליבע איז ליבע, קנאה איז קנאה, און ווייטיק איז היינט אַזוי פּיינלעך ווי אַמאָל און דער טויט איז נאָך אַלץ אין סתּירה צום לעבן. און אַ קינסטלער מיט אַ ברייטן פֿאַרנעם, אַ קינסטלער ווי אָפּאַטאָשו, קאָן נעמען זיין גאַנצן סכום מענטש און חיה און נאַ־טור־קענטעניש און עס לייכט טראַנספֿערירן פֿון היינט צום אַמאָל, און די מענטשן און חיות ווערן אַזוי לעבעדיק, אָדער שיר־נישט אַזוי לעבעדיק, ווי די מיט וועלכע ער איז אַליין געקומען אין

נאָענטן קאָנטאַקט. דער נעכטן ווערט אַ טייל פֿון זיין קוואַל פֿון דערפֿאַרונגען און ער בלאָזט אַריין אַ רוח־חיים אין די בלעטער געשיכטע, וועקט זיי אויף פֿון זייער הונדערטער יאָריקן שלאָף, פֿון זייער טויזנט און צוויי טויזנט יאָריקן שלאָף, ברענגט דעם נעכטן צו אונדזער היינט. מיר טרעפֿן זיך מיט די תּחית־המתיםדיקע העלדן און מיר דערקענען זיי, מיר זעען זיי, ווי לעבעדיקע ,ווי נאָענטע, ווי היימישע, ווי בלוט פֿון אונדזער בלוט און פֿלייש פֿון אונדזער פֿלייש.

געביטן האָט זיך דאָ די טעמאַטיק, ראַדיקאַל געביטן, אַזוי געביטן, אַז מיר זעען גאָר קיין שייכות נישט צווישן די פֿערד־גנבים, צווישן די טענצערינס, צווישן די וואוילע יונגען פֿון „אויף יענער זייט בריק״, צווישן די כּמו־יידן און סתּם־יידן פֿון ראָמאַן „היברו״, און „פֿון ניו־יאָרקער געטאָ״, מיר זעען, דאַכט זיך, קיין שמץ ענלעכקייט נישט צווישן די דאָזיקע טעמעס און דעם אינהאַלט פֿון יוסף אָפּאַטאָשוס לעצטן, אַמביציעזסטן, קינסטלעריש־רייפֿסטן ראָמאַן „ר׳ עקיבא״.

איז טאַקע אמת, אַז דער מהלך, וואָס שיידט אָפּ די טעמע פֿון „אויף יענער זייט בריק״ פֿון דער טעמע „ר׳ עקיבא״, איז אַ גוואַלדיק גרויסער, אָבער די האַנט, וואָס דיריגירט דיביידע קאָמפּאָזיציעס, די טעכניק, די שפּראַך, דער אופֿן פֿון מאָלן, צייכענען, באַשרייבן, אָפּאַטאָשוס פֿונדאַמענטאַלער צוגאַנג צום מענטש, צו זיין פּסיכיק, צו זיינע נייגונגען, אַקציעס און רעאַקציעס איז געבליבן כּמעט דער זעלביקער, כאָטש קינסטלעריש און פֿאַכמעניש איז ער נישט געוועזן אַזוי געניט דעמאָלט מיט אַכט און דרייסיק יאָר צוריק, ווען ער האָט זיך באַוויזן אין דער יידישער ליטעראַטור מיט זיין דעביוט־דערציילונג „אויף יענער זייט בריק״, ווייט נישט געוועזן אַזוי רייף ווי היינט.

מיר האָבן געזאָגט: „זיין פֿונדאַמענטאַלער צוגאַנג״, ווייל געוויס איז פֿאָרגעקומען אַ גוואַלדיקע רעוואָלוציע אין זיין אופֿן פֿון שאַפֿן, ווייל זיכער איז, אַז אָפּאַטאָשוס סטיל איז נישט געבליבן דער זעלביקער אין „ר׳ עקיבא״, ווי ער איז געוועזן אי אין זיין ערשטער דערציילונג, אי אַפֿילו אין זיינע שפּעטערדיקע ווערק, אין

זיינע גרעסערע שאַפונגען. אָפּאַטאָשוס וואָרט־קונסט וואַקסט און אַנטוויקלט זיך כסדר; זיין שפּראַך ווערט פאַרביקער און רייכער, זיין זאַץ ווערט לויטערער און שטאַרקער, ווי גוטער, אַלטער ווײַן, זיין אוצר פון וויסן טיפער און ברייטער, און זיין פּראָזע ווערט וואָס אַ יאָר אַלץ מער זאַפטיק, טראַגעדיק מיט געדאַנק און דער־הייבט זיך צו קלאַסישער שלימות.

ווי אַ סך גרויסע קינסטלער, אי אין דער ידישער, אי אין דער וועלט־ליטעראַטור, האָט אויך אָפּאַטאָשו דעם איבערגאַנג פון די דערפאַרונגען פון זיין היינט צום צוריקבליק אינעם אַמאָל, דורכ־געמאַכט בהדרגהדיק, לאַנגזאַם און מיט אויסגערעכנטער, דורכ־געטראַכטער צוגעגרייטקייט. ער האָט צום ערשטן גוט באַאַרבעט זיין היינט, ער האָט פאַרוואָרפן קליינע בריקלעך צום נענטערן נעכטן, האָט צוגעצויגן יאָרהונדערטער צו זיך, האָט פון „די פוי־לישע וועלדער", פון „1863" פאַרוואָרפן אַן אָרעם צו „אַ טאָג אין רעגענסבורג", צו „אליהו בחור" און פון דאָרט אַזש קיין ארץ־ישראל פון די צייטן פון ר' עקיבא. ער האָט זיין קינסטלערישע אינטואיציע איבערגעטראָגן אין יענער סביבה אַריין, האָט די סביבה געפאָרשט, געלערנט און איר פאַראייגנט, געמאַכט נאָענט, נאָענט, ווי זי וואָלט געווען פון שטענדיק אַן אינעם אָרביט פון זיינע אייגענע דערפאַרונגען. ווי דער אַמעריקאַנער דיכטער לאָנג־פעלאָו האַלטן מיר אויך אַז:

"That is best which lies nearest
Shape from that thy work of art."

אָבער לאָנגפעלאָו אַליין האָט זיך נישט באַנוגנט מיט באַזינגען דאָס, וואָס איז געווען נאָענט צו זיין היינט, זיינע אייגענע דערפאַרונגען. ער האָט זיך אָפּט אַריינגעלעבט אין געשיכטלעכע טעמעס און האָט זיי פּרובירט פאַראייגענען. זיין „הייאוואַטהאַ"־געזאַנג קאָן אין זיך האָבן אַ שפּאָר ביסל פרעמדן איינפלוס, עס קאָן זיין אַן אימיטאַציע פון דער פינישער קאַלעוואַלע, אָבער געזונגען דאָס געזאַנג האָט לאָנגפעלאָו און גענומען האָט ער אי די טעמע אי דעם מאַטעריאַל

פון געשיכטע, פון לעגענדע, פון פאָלקלאָר. ער האָט בלויז די לע־גענדע פאַראייגנט, ער האָט „הייאוואטהאַן" פאַרסוביעקטיוויזירט.

בערגעלסאָן, זינגער, אַש, און נאָך אַנדערע יידישע שרייבערס האָבן ווי אָפּאַטאָשו אָנגעהויבן פון פּאַרטיקן סכום פערזענלעכע דערפאַרונגען, וואָס זיי האָבן איבערגעפּורעמט אין גרויסע, וואָגיקע קונסט־ווערק. זינגער און אַש מער ווי בערגעלסאָן, זענען באַלד איבערגעגאַנגען צו געשיכטלעכע טעמעס, וואָס זיי האָבן ווי אָפּאַ־טאָשו, אַריינגענומען אין זייער סכום דערפאַרונגען. פון אַשס „שטעטל" ביז זיין „מאַן פון נצרת" איז אַזוי ווייט, ווי ווייט עס איז פון אָפּאַטאָשוס „אויף יענער זייט בריק" ביז „ר' עקיבא".

ווען טהאָמאַס מאַן האָט צו עטלעכע און צוואנציק יאָר אָנגע־שריבן זיין ערשטן רעאַליסטישן ראָמאַן „די באָדענברוקס", אַ ראָ־מאַן, וואָס מאָלט מיט כמעט נאַטוראַליסטישער דעטאַליזירטקייט די דעקאַדענץ פון אַ הויך־בורזשואַזער דייטשישער פאַמיליע, האָט ער דעמאָלט געשריבן נישט נאָר וועגן אייגענע דערפאַרונגען, נאָר זיין אַרבעט איז געווען כמעט אינגאַנצן באַזירט אויף אויטאָביאָ־גראַפישע מאַטעריאַלן. זיין שפרונג אין רוים און צייט אי פון „באָ־דענברוקס", אי פון „צויבערבארג" אַזש ביז די „יוסף טעג" פון אונדזערע אבות אין כנען און מצרים, האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט נישט נאָר אַ שפרונג אין צייט און רוים, אין סביבה, נאָר זיין עצם סטיל האָט זיך מיטן דאָזיקן שפרונג געביטן. ער האָט פון רעאַליזם געמאַכט אַ שפרייז אין דער ספערע אַריין פון קינסטלערישער ראָ־מאַנטיק, פון מיסטיק און סימבאָליזם. צי האָט זיך מאַנען איינגע־געבן איבערצוגיין פון איין עק וועלט אין אַ צווייטער, צי האָט ער געקאָנט ווערן אַ טייל פון יענער צייט און באַהערשן דעם מאַטע־ריאַל, וואָס איז פאַר אים געלעגן, דאָס איז אַן אַנדער ענין. מאַן האָט באַשאַפן אַ גרויס, מאָנומענטאַל ווערק, וואָס ווערט פאַררעכנט פאַר אַ נייעם ווענד־פונקט אין זיין קינסטלערישער קאַריערע, אַ ווערק, וואָס אַ סך ליטעראַטור־קריטיקערס האַלטן עס פאַר דער העכסטער שעפערישער דערגרייכונג פון צוואנציקסטן יאָרהונדערט.

פלאָבערט, פּרוסט און אַנאַטאָל פראַנס האָבן אויך אָנגעהויבן מיט די דערפאַרונגען, וואָס זענען זיי געלעגן נאָענט ביי דער האַנט

און אי פֿלאָבערט, אי אַנאַטאָל פֿראַנס האָבן געמאַכט טיפּע און וויי־טע טריט אין דער פֿאַרגאַנגענהייט אַריין; און די ווערק „סאַלאַמ־באָ" און טהאַיס" זענען אַזוי קינסטלעריש רייף, זענען אַזוי באַ־הויכט מיטן געמיט־צושטאַנד, מיט דער פסיכיק, מיטן גייסט פֿון זייערע שאַפֿערס, אַז אונדז דוכט זיך, אַז זיי האָבן נישט נאָר באַ־הערשט די סביבה, די צייט, דעם לעבנסשטייגער פֿון דער עפּאָכע, וואָס יעדער פֿון זיי מאָלט, נאָר זיי זענען באמת געוואָרן אַ טייל, אַ לעבעדיקער באַשטאַנדטייל פֿון דער געזעלשאַפֿט, וואָס זיי פֿירן פֿאַר אונדז אַרויס.

פֿלאָבערט ווי טהאָמאַס מאַן האָט נישט נאָר געענדערט זיין טעמאַטיק, נאָר זיין סטיל איז אַן אַנדערער אין ראָמאַנטיש־רעאַ־ליסטישן ווערק „סאלאמבאָ", ווי עס איז געווען אין כמעט־נאַטו־ראַליסטישן ראָמאַן „מאַדאַם באָוואַרי", וואָס איז געווען אַ ווערק אין וועלכן ס'איז געקומען צום אויסדרוק אַ טריוויאַלע, שיר־נישט מעלאָדראַמאַטישע ליבע־אַפֿערע פֿון אַ קליינשטעטלדיקער, פּשו־טער פֿרוי פֿון אַ קליינבירגערלעכער פֿאַמיליע.

יוסף אָפּאַטאָשוס איבערגאַנג פֿון דער טעמאַטיק, וואָס האָט געוואָרצלט אין זיין אייגענער דערפֿאַרונג, צו דער געשיכטלע־כער טעמע איז נישט געווען באַגלייט נישט מיט קיין גוואַלדיקער ענדערונג פֿון סטיל און נישט מיט קיין אָפֿיציעלן, מערקזאַמען אי־בערגיין פֿון רעאַליזם צו ראָמאַנטיק. אָפּאַטאָשו איז געווען אַ רע־אַליסטיש־ערדישער קינסטלער ביי זיין אָנהויב גאַנג, און ער איז געבליבן אַ רעאַליסט אי „אין פוילישע וועלדער", אי אין „1863", אי אין „אַ טאָג אין רעגנסבורג" און אויך אין זיין לעצטן ראָמאַן „ר' עקיבא". מיטן בייטן די טעמאַטיק, מיטן איבערגיין פֿון זיין היינט צום אַמאָל, האָט אָפּאַטאָשו שטענדיק מיטגעפֿירט זיין גאַנצן קינסטלערישן באַגאַזש פֿון פֿאָרם, סטיל, שפּראַך און מאלעריש־קייט. די ענדערונג אין זיין אופֿן שרייבן איז בלויז פֿאָרגעקומען אויפֿן געביט פֿון מער געשליפֿנקייט, מייסטערשאַפֿט פֿון זאַץ־בוי, צמצום, שטאַרקייט. און אָפּאַטאָשוס בהדרגהדיק־סטיליסטישע לויטערקייט איז נישט געקומען ווי אַ רעזולטאַט פֿון זיין איבערגיין פֿון איין סאָרט קינסטלערישן שטאָף צו אַ צווייטן. פֿון היינטיקן צום

געשיכטלעכן, נאָר זיין מייסטערשאַפט פון סטיל איז דערגרייכט געוואָרן אין פאַרלויף פון יאָרן פון כסדרדיקן שלייפן, פאַלירן, ריי־ניקן און אַרבעטן אַרום זיך, אויף זיין שאַפונג אינס־טרומענט. אָפּאַטאָשו פאַרלאָזט זיך נישט בלויז אויף קינסטלערי־שער אינטואיציע, ער אַרבעט, ער אַרבעט שווער און פלייסיק און גרינטלעך אַרום זיך כדי צו דערגרייכן שלמות. און זיין מי זעט זיך אָן אין זיינע ווערק, און די אַרבעט וואָס ער טוט אי מיט ליבע אי מיט פיעטעט, ברענגט גוטע, וואָגיקע, רעזולטאַטן.

דער פראַנצויזישער ליטעראַטור־קריטיקער פון לעצטן יאָר הונדערט, סען בעוו, האָט אַוועקגעשטעלט אַ מאָטאָ ביים אַריינ־גאַנג צו זיינע ליטעראַריש־פאָרשערישע היכלען: „אַזאַ בוים, אַזעל־כע פירות". דאַרף טאַקע דער בוים זיין אַ געזונטער, אַ טיף־פאַר־וואָרצלטער, כדי מ'זאָל קענען פון אים דערוואַרטן זאַפטיקע פירות, אָבער אַפילו אַ געזונט־שטאַמיקער, פאַרצווייגטער און פאַרוואָרצל־טער בוים גיט אַ סך מער, אַ סך זאַפטיקערע פירות דעמאָלט, ווען מען היט אים, מען באַפרוכפערט אים, מען פאַרלאָזט זיך נישט בלויז אויף זיינע נאַטירלעכע פאָטענצן.

יוסף אָפּאַטאָשו איז געקומען אין דער יידישער ליטעראַטור אַריין מיט אַ שלל צוויגן און וואָרצלען, וואָס האָבן געצויגן זייער יניקה פון אוראַלטן יידישן וויסן, פון תורה און חכמה, אָבער אָפּאַטאָשו איז קיינמאָל נישט געבליבן צופרידן מיט דער גייסטי־קער ירושה, וואָס ער האָט פון זיין פריסטער יוגנט איינגעזאַפט אין זיך ביי זיין פאָטער דעם למדן, משכיל און משורר אין הויז. ווי זיין פאָטער פאַר אים, ווי זיינע יחוסדיקע זיידעס, וואָס ציען זייער אָפּשטאַם אַזש ביז ר' מאיר פון טאַנהויזן אין פראַנקאָניע, אַזוי איז אָפּאַטאָשו שטענדיק געזעסן על התורה ועל העבודה און ביז היינט זיצט אָפּאַטאָשו אין זיין פיינער, אָפּגעהיט־אייגנאַרטיקער ביבליאָטעק, וואָס איז רייך אין זעלטענע עקזעמפלאַרן, אוניקומס ממש, רייך אין ספרים און ביכער, יידישע און וועלטלעכע, זיצט און לערנט און פאָרשט, און זאַמלט מיט פאַכמענישער געניטקייט און מיט וויסנשאַפטלעכער אחריות, זיצט און קלייבט מאַטעריאַלן, לערנט און שטודירט אי געשיכטע, אי אגדה, אי פאָלקלאָר, אי

הלכה אי אַלע אַנדערע צוריגן פֿון וויסן, וואָס גיבן אים שליסלען, וואָס עפֿענען פֿאַר אים ברייט די טירן צו די קוואַלן פֿון אונדזער אוצרדיקן נעכטן און לאָזן אים אַריינבליקן אין דיווינקלען פֿון יענע ווײַטע סבֿיבֿות, וואָס ער האָט בדעה צו מאָלן, וואָס ער מאָלט אין זײַנע ווערק.

אָפּאַטאָשו פֿילט זיך אַזוי היימיש אין די בערג און טאָלן פֿון ארץ־ישׂראל פֿון צוויי טויזנט יאָר צוריק, ער קען אַזוי גרינטלעך יעדן שטיין, יעדעס וואַסערל, די פֿלאָרא און פֿאונא פֿון אַמאָליקן ארץ־ישׂראל, ער איז אַזוי באַקאַנט מיט די זיטן, מיטן שטייגער לעבן פֿון יענע מענטשן, ווי ער קען די סטופּסקער וועלדער, וואו ער איז געבוירן געוואָרן.

אי די וועלדער פֿון פּוילן, אי די גאַסן פֿון רעגנסבורג, אי די פּליינען פֿון ישׂראל ליגן פֿאַר אים ווי אויף אַ מאַפּע, ליגן פֿאַר אים ווי נאָענט־היימישע סבֿיבֿות וואָס ער האָט אַליין געזען.

נישט ווי מאַן, וואָס האָט בלויז גענוצט קינסטלערישע פֿאַנטאַ־זיע אין מאָלן אי כּנען אי מצרים, נישט ווי פֿלאָבערט, וואָס האָט צוויי מאָל געמוזט איבעררײַסן זײַן שרײַבן „סאַלאַמבאָ", כּדי צו קענען באַקוקן כאָטש די רואינען פֿון אַלטן קאַרטאַגע, אָפּאַ־טאָשו האָט אין זײַנע געשיכטלעכע ראָמאַנען נישט געדאַרפֿט אָנ־קומען צו די דאָזיקע קינסטלערישע מאָס־מיטלען. ער האָט געקענט די סבֿיבֿה, געקענט די געאָגראַפֿיע, דעם קלימאַט פֿון די לענדער, געקענט די מענטשן, וואָס ער איז געגאַנגען מאָלן אין זײַנע גע־שיכטלעכע ראָמאַנען.

אָבער איידער אָפּאַטאָשו האָט זיך אַוועקגעלאָזט אויף אַן עק־סקורסיע אין אונדזער אַמאָל' אַרײַן, איידער זײַן קינסטלערישע פֿע־דער האָט זיך צוגערירט צום געשיכטלעכן שטאָף, וואָס האָט זיך אין אים אָנגעהויבן זאַמלען, באַלד דעמאָלט, ווען ער האָט זיך באַקענט מיט זײַן נאָענטן אַרום, האָט אָפּאַטאָשו, ווי שלום אַש, ווי דוד בערגלסאָן, ווי טהאָמאַס מאַן, ווי מאַרסעל פּרוסט, ווי גאַלס־וואָרדי און ראָמאַן ראָלאַן, זיך באַגרענעצט אין זײַן טעמאַטיק אויף דעם, וואָס זײַן אויג האָט געזען, זײַן אויער האָט געהערט אינעם קרייז פֿון זײַן אייגענער משפּחה אין זײַן וואַלד, אין זײַן

דאָרף, אין דער שטאָט, וואו ער האָט שפּעטער געוואוינט און דער־נאָך אין אַמעריקע.

אין יעדן פּלאַץ, וואו אַפּאַטאָשו האָט געלעבט, אומעטום, וואו ער איז געקומען האָט ער זיך שנעל איינגעבירגערט און יעדע נייע סביבה האָט אָנגערעגט זיין שאַפונג־גייסט און האָט אים געגעבן אַ שלל קינסטלערישן שטאָף, וואָס ער האָט מיט התמדה פאַר־דייעט, איבערגעקאָכט אין זיך, עס פאַראייגנט און האָט דערפון געפורעמט זיינע ראָמאַנען און דערציילונגען, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר אַ בכבודיקע ביבליאָטעק.

זיין טעמאַטיק איז נישט שטענדיק געווען אַ גראַדליניקע, זיין קינסטלערישע סביבה האָט זיך נישט אַלע מאָל געענדערט מיט זיין פיזישן איבערגיין פון איין אָרט אויפן צווייטן, פון איין וועלט טייל צום אַנדערן. גראָד פון אַמעריקע האָט ער ערשט לויטערער און קלאָרער דערזען די סביבה, וואָס ער האָט מיט יאָרן פריער פאַרלאָזט. נאָכן ראָמאַן „פון ניו יאָרקער געטאָ“, וואו די סביבה איז אינגאַנצן אַ היגע, אַן אַמעריקאַנער, שרייבט ערשט אַפּאַטאָשו זיין ראָמאַן „אַלייך“, וואָס איז אַ נאָסטאַלגישער צוריקוועגד צו די סטופּסקער וועלדער און נאָך „היברו“, וואָס איז אַ ראָמאַן פון ניו־יאָרקער כמו־באָהעמע, קומען ערשט די צוויי געשיכטלעכע ראָ־מאַנען „אין פּוילישע וועלדער“ און „1863“, נאָך „די טענצערין“, אַ ראָמאַן, וואָס איז אַ מין סינטעז פון „דאָרט“ און „דאָ“, לאָזט זיך אַפּאַטאָשו אַוועק אויף אַ שפּאַציר אַזש קיין רעגענסבורג. און ערשט, ווען ער געפינט זיך צווישן „ימען און לענדער“, ווען ער פרישט אָפּ אין זיין זכרון אַלץ, וואָס ער האָט פון זיין קינדהייט פאַרגעדענקט וועגן לאַנד פון אונדזערע אבות, אַלץ, וואָס ער האָט געפאָרשט און שטודירט וועגן אונדזער ווייטן אַמאָל, ערשט דעמאָלט ווערט ביי אים ריף דער געדאַנק צוווידמענען דאָס בעס־טע פון זיין קינסטלערישער אינטואיציע, אַנצואווענדן זיינע רייכסטע קינסטלערישע אינסטרומענטן כדי אויסצושפּילן, אויסצוזינגען אַ גע־זאַנג צום העראָאישן קאַפּיטל אין אונדזער לאַנגער מאַרטירער גע־שיכטע, צום קאַפּיטל, דער לעצטער אויפשטאַנד, דער אויפשטאַנד, וואָס האָט געפירט צו אונדזער טויזנט־יאָריקן גלות, וואָס האָט

געפירט צו גירוש שפאַניע, צו גזרת ת״ח ות״ט, צו אונדזער חורבן, דעם גרעסטן חורבן אין אונדזער מוראדיקער געשיכטע.

דער אָנהויב פון ראָמאַן „ר׳ עקיבא״ פאַלט זיך צוזאַמען מיט די שוידערלעכע היטלער מאָרדן, מיטן פאַלן פון פוילן, מיטן אונטערגאַנג פון יידישן ישוב אין פוילן, און אַפּאַטאַשו לאָזט ליגן די פעדער אויפן עקיבא־מאַנוסקריפט, זיצט ווי ירמיה אויפן באַרג חורבן פון בית המקדש, שרייבט נישט קיין קינות אויפן אונטערגאַנג פון יידישן ישוב אין פוילן נאָר אַ הימן אין פראָזע, אַ פרעכטיק געזאַנג, אַ השתפכות־הנפשדיק פלאַסטיש, ליריש ליד, וואָס באַשטייט פון באַזונדערע סטראָפן, פון אָדעס, וואָס האַרמאָנירן איינע מיט דער אַנדערער, אָדעס, וואָס זינגען אָרקעסטראַל אויס אַ סימפאָניע צו ריזן־יידן, גרויסע געשטאַלטן, וואָס האָבן געלעבט און געווירקט, געפורעמט דעם שענסטן טורעם, די רייכסטע געביידע פון יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין דער געשיכטע פון אונדזער פאָלק. ער זיצט און שרייבט זיין „ווען פוילן איז געפאַלן״, און ערשט ווען דאָס געזאַנג איז אויסגעזונגען נעמט זיך אַפּאַטאַשו ווידער צו זיין גרויסער אַרבעט, צום געזאַנג צו אונדזער אַמאָל, צו דער הערצאיק פון אונדזער נעכטן, וואָס דאַרף אונדז געבן, וואָס גיט אונדז מוט און אויסדויער־קראַפט מיר זאָלן קענען אויסשטיין און בײשטיין די מאוימדיקייט פון אונדזער היינט. ער שרייבט זיין „ר׳ עקיבא״.

ווען אָפּאַטאָשו האָט זיך באַוויזן אין דער יידישער ליטעראַטור מיט זיין ערשטער דערציילונג „אויף יענער זייט בריק" האָט קיינעם זיכער נישט געקענט איינפֿאַלן, אַז זיין טעמע, וואָס האָט געוואָרצלט אין דער אונטערוועלט וועט טאָן אַזאַ שפּרונג, אַז זי וועט זיך אַזש דערהויבן צו די באַרגשפּיצן פֿון דעם הערלאָיש־געשיכטלעכן קאַפּיטל ר' עקיבא און דעם לעצטן אויפֿשטאַנד. אי די העלדן פֿון דער ערשטער דערציילונג, אי דער סיפור המעשה, אי די שפּראַך, אי די אידייע, אַלץ איז אַזוי ווייט אין רוים, אין צייט, אין קינסטלערישער אויפֿפֿאַסונג, אַזוי ווייט פֿון „ר' עקיבא"־ראָמאַן, אַז ס'קען זיך אויבנאויפֿיק דאַכטן ,אַז די ערשטע דערציילונג האָט גאָר קיין שייכות נישט מיט דעם לעצטן ראָמאַן, אַז צוויי פֿאַרשידענע שרייבערס האָבן געשריבן די צוויי אַרבעטן.

אין „אויף יענער זייט בריק", און „אַ ראָמאַן פֿון אַ פֿערד־גנב", אין דער דערציילונג „מאָריס און זיין זון פֿיליפּ" און אין „לילי", אַ דערציילונג, וואָס אָפּאַטאָשו האָט געשריבן שוין אין 1915 נאָכדעם ווי ער האָט געהאַט פֿאַרעפֿנטלעכט די ראָמאַנען „פֿון ניו יאָרקער געטאָ" און „אַליין", אין די אַרבעטן ווי אין אַ סך דערציילונגען, וואָס ער האָט שפּעטער געשריבן איז אָפּאַטאָשו דער קינסטלער, וואָס איז געקומען צו דער שוועל פֿון אונדזער ליטע־ראַרישער היים. האָט אַ קוק געטאָן אויפֿן אָנגעזאַמלטן אוצר ווערק, וואָס די יידישע שרייבערס פֿאַר אים האָבן געשאַפֿן, האָט זיך פֿאַר־קרומט און האָט אַ זאָג געטאָן: „עס טראָגן זיך פֿון די פּאַליצעס וואו די ווערק שטייען טוכלע ריחות פֿון פֿאַרשימלטקייט, פֿון אַלט־קייט, פֿון קליינשטעטלדיקע יידישע טשאָלנטן". ער האָט פֿאַר־דרייט די נאָז, זיך אָפּגעקערט פֿון די ריחות און האָט ביי זיך אָפּ־געמאַכט, אַז קיין איינעם פֿון די העלדן, וואָס מאַרשירן אַזוי גאווה־דיק אויף די זייטן פֿון די ביכער, וואָס מ'האָט פֿאַר אים געשריבן וועט ער נישט לאָזן דורס־רגל־זיין אויף זיין פּאַפּיר. נישט קיין בלאַס אויסגעצערטע ישיבה בחורים, נישט קיין אויסגעווייקטע גו־טע יידן, נישט קיין אידעלע קעסט־יונגעמאַנטשיקעס, נישט קיין אויסגעחלומטע יידישע צניעות, קיינעם פֿון די העלדן, וואָס האָבן געהערשט, וואָס האָבן פּרעדאָמינירט אין דער ליטעראַטור ביז

אים, האָט אָפּאַטאָשו צו זיך נישט געוואָלט צולאָזן. ער איז אַוועק זוכן זיין ליטעראַרישן שטאָף אין אַ פֿאַרשאָטנט ווינקל פֿון ייִדישן לעבן, אין אַ ווינקל צו וועלכן קיינער האָט זיך פֿאַר אים נישט געוואָלט צורירן. שרייבערס האָבן אויסגעמיטן יענעם ווינקל; יענע סבֿיבה איז נישט פֿאַררעכנט געוואָרן פֿאַר קיין קוואַל פֿון קינסט־לערישן טייג פֿון וועלכן מ׳זאָל קענען אויסקנעטן ליטעראַרישע, קינסטלערישע ווערק. די אונטערוועלט מיט אירע ליידן און פֿריידן איז געשטאַנען מחוץ למחנה, איז געווען טאַבו פֿאַרן ייִדישן קינסט־לער. אָפּאַטאָשון האָט גראָד גערייצט יענע סבֿיבה. צווישן די פֿאַר־שוינען פֿון דער אונטערוועלט, צווישן פֿערד־גנבֿים, טענצערינס, קונצנמאַכערס און בלאַטע יונגען האָט ער געזען אַ קוואַל פֿון קונסט־שטאָף, וואָס בעט זיך מ׳זאָל אים באַאַרבעטן, געבן גע־שטאַלטונג. די סבֿיבה איז אים נישט געווען פֿרעמד. ער האָט די פֿאַרשוינען געקענט פֿון וואַלד, געקענט פֿון זיין פֿריסטער יוגנט. אמת, דער טאַטע איז געווען אַ מקובל, אַ משורר, אַ תּלמיד חכם, אָבער חוצן טאַטנס הויז איז אויך געווען דער וואַלד מיט שקצים, מיט שיקסעס, מיט גוים און גויעס, מיט פֿריילעכע ציגיינער און אויסגעלאַסענע ציגאַנקעס, און צו זיי, צו די דאָזיקע וואַלד־פֿאַר־שוינען זענען געקומען די ייִדישע אונטערוועלט־מענטשן. זיי, די דאָזיקע ייִדן, וואָס זענען געשטאַנען אויסערן טאַטנס סבֿיבה, מחוץ דער היים, די פֿאַרשוינען און זייערע טאָוונגען האָבן אָפּאַטאָשון גע־רייצט, געכּישופֿט, און מיט זיי, מיטן שטאָף אַרום זיי איז אָפּאַ־טאָשו געקומען ברעכן די ווענט פֿון צניעות מיט וועלכע די ייִדישע ליטעראַטור האָט זיך געהאַט באַפֿעסטיקט ווי מיט אַ כינעזישער מויער.

עס האָט זיך געפֿאָדערט געוואַגטקייט, מוט צו קענען אַרויס־קומען מיט אַזאַ דערציילונג, ווי „אויף יענער זייט בריק”, מיט אַ ריי אַזעלכע דערציילונגען אויף ענלעכע טעמעס אין אַ ציַיט, ווען אי פּרץ, אי אַש, אי רייזין האָבן שוין געהאַט געגעבן דער ייִדישער ליטעראַטור אַזעלכע וואַגיקע שאַפֿונגען וואָס האָבן פֿאַרהערלעכט, וואָס האָבן באַזונגען דעם ייִדישן היינט און נאָך מער דעם נעכטן.

רייזין האָט געשריבן וועגן יידישער אָרימקייט אָבער וואָסערע צניעותדיקע, וואָסערע שטילע, וואָסערע ערלעכע יידן ער האָט געמאָלן! מיט וויפל ליבע און רחמנות ער האָט באַזונגען די פאַר־שוינען זיינע, וואָס זענען שוויגנדיקע געזעסן ביי די בערגלעך מיסט ביי זייערע טירן און האָבן אַריינגעווינט זייער אָרימקייט אין אַ יום תהילים!

פרץ האָט זיך שוין לאַנג געהאַט געווענדט צו אונדזער מאַר־טירער געשיכטע און זיינע סאָציאַלע, סאָציאַליסטישע מאָטיוון האָבן אויסגעזען בלאַס אין פאַרגלייך מיט די שבתדיקע, מיט די יום־טובדיקע מאָטיוון, וואָס ער האָט מיטן ברען פון דיין נשמה געוועבט, געמאָלן, געצייכנט, אויסגעהאַפטן און אונדז צוגעטראָגן פערלדיקע געזאַנגען אין פּראָזע. דער חלומער פון מאָרגן האָט גע־שעפּט פון אונדזער גלאָררייכן נעכטן גאַנצע צעבערס אינספּיראַ־ציע. דער יידישער פאָלקלאָר, דער חסידיזם, די משיח־אידייע, דער קידוש־השם־מאָטיוו, די אַלע אידייען און שטרעמונגען אין יידישן לעבן האָבן געפונען אַ ווירדיקן, אַ טיפן און עכט־קינסטלערישן אויסדרוק אין זיינע שאַפונגען. די „פאָלקסטימלעכע געשיכטן", „חסידיש", דער אידעאַל פון יידישער טראַדיציע, יידישער שטייגער לעבן, וואָס וואָרצלט אינעם אַמאָל, די־אָ טעמעס זענען גע־ווען פרצס בסדרדיקער קוואַל פון שאַפן און אויף די טעמעס האָט ער שוין געהאַט אָנגעשריבן זיינע רייפסטע, זיינע טיפסטע, זיינע שענסטע דערציילונגען און דראַמעס, וואָס האָבן ווי אַ וואַלד־פייער אַרומגעכאַפּט דעם יידישן לייענער־קרייז, פון פשוטן בעל־מלאכה ביזן וואויל־געלערנטן יונגנמאַן, ביזן יידישן אינטעליגענט. נאָך „אויב נישט נאָך העכער", נאָך „צווישן צוויי בערג", „מקובלים", „אַ גלגול פון אַ ניגון" און די „גאָלדענע קייט", נאָך די ווערק אַרויסקומען מיט דער דערציילונג „אויף יענער זייט בריק", מיט „אַ ראָמאַן פון אַ פערד גנב", מיט „פיליפ און זיין זון מאָריס" איז באמת געווען אַ רעוואָלוציע, אַ רעוואָלוציע פון איינעם אַ יונגן, אַן אומבאַקאַנטן יוסף אָפּאַטאָשו קעגן אַ פעסט איינגעפונדעוועטן ליטעראַרישן רעזשים, וואָס האָט אויסגעזען צו האָבן הינטער זיך כמעט דעם גאַנצן לייענער־קרייז פון יענער צייט.

אַש איז שוין אויך געווען אין דער יידישער ליטעראַטור מיט זיין גאַנצן קינסטלערישן באַגאַזש. מיט בײדע פּיס איז ער שוין געשטאַנען פּעסט ווי אַ דעמבּ אויף דער יידיש־ליטעראַרישער אַרענע, און זיין געזאַנג, זיין שטעטל־אידיליע האָט זיך געטראָגן איבער דער יידיש־ליטעראַרישער וועלט מיט זיגערישן טריאומף, און ער האָט אַנגעזאָגט דער וועלט, אַז ער האָט בדעה נישט נאָר צו גיין זוכן יידישע העראָאיק אין דער פאַרגאַנגענהייט, נאָר אַז דער יידישער אָרום איז פול מיט שבתדיקייט, מיט יום־טוב, מיט דערהויבונג, מיט קידוש־השם.

ווי אין אָפּאָטאָשון אַזוי איז אין אַשן געווען אַן אינערלעכע צווייאיקייט, אַ טאָפּלטער אידייען־געראַנגל, וואָס איז צו זיי געקומען בירושה. אַש האָט געירשנט דעם פאָטערס אמונה און ביטחון און דער מאַמעס אומרואיקייט, איר מעלאַנכאָליע, איר פשוטן, איר סתם יידיש פראָסטלעכן אָפּשטאַם. אָפּאָטאָשו האָט פון פאָטער, דעם למדן, דעם משכיל, געקראָגן דעם דורותדיקן יידישן באַגאַזש פון חכמה און תורה, און פון דער מוטער, פון זיידן דעם דאָרפס־ייד, וואָס „האָט נישט געקענט שרייבן", וואָס האָט גאָרנישט גע־האַט צו טאָן מיט דער לומדות־וועלט, פון זיי האָט ער געקראָגן די ליבע צום וואַלד, צום פעלד, צו די פשוטע גראָבע יידן, עם־הארצים, לעביונגען. דורך דער נאָענטער באַקאַנטשאַפט מיט דער סביבה אָרום זיידן איז אָפּאַטאָשו געקומען צו זיין אונטערוועלט.

אָבער אַש האָט דעם טאַטנס אמונה און ביטחון גענומען פאַר זיין ווערקצייג, און פון דער מאַמעס פשוטע יידן האָט ער אויסגע־קנאָטן למד־וו־ניקעס, תהילים־יידן, קידוש־השם־יידן, וואָס זע־נען דער שבת, די נשמה־יתירה פון דער יידישער ליטעראַטור. אָפּאַטאָשו האָט זיך אין זיין אָנהויב אָפּגעקערט פון טאַטנס ירושה, ער האָט זי אַ ברוגזער נעגירט און האָט זיין פנים געווענדט צו דער וואַלד־ און דאָרף־ירושה פון זיידן פון דער מאַמעס צד און אַהין, אין יענער ירושה, האָט ער אַריינגעלייגט זיין גאַנצע התמ־דה פון קינסטלערישן שאַפן.

אַפילו בערגלסאָן, וואָס איז געקומען אַ ניכטערער, אַן ער־דישער, און האָט מיט זיין אייגנאַרטיק שטילן הומאָר געמאָלן די

יידישע דעקאַדענץ אין איר פולער נאַקעטקייט, אַפּילו בערגלסאָן האָט אָדער נישט געוואָלט, נישט געקענט, אָדער נישט געוואָגט זיך אַוועקצולאָזן אין דער יידישער אונטערוועלט און פון דאָרט אַרויסצוהייבן די סביבה, וואָס איז געלעגן ווי אויף הונדערטער שלעסער פאַרזיגלט. ער האָט די יידישע אונטערוועלט, ווי אַלע שרייבערס פאַר אים, איגנאָרירט. שלום עליכם, וואָס האָט אין זיין ראָמאַן „סטעמפעניו" שוין יאָ געמאָלן איין ווינקל פון דער יידישער כמו־באָהעמע, אַ ווינקל, וואָס שטייט אַ סך שטאַפּלען העכער ווי אָפּאַטאָשוס אונטערוועלט, שלום עליכם האָט פון סטעמ־פעניו געשאַפן אַ ראָמאַנטישע אידיליע, אַ געזאַנג צום יידישן כלי־זמר, וואָס איז אויף יעדער יידישער שמחה געווען אַ נויטיקער עלעמענט אינעם אלגעמיינעם צערעמאָניאַל, אָבער איז שטענדיק געווען פאַררוקט ביים טיר, געשטאַנען מחוץ פון דער יידישער גייסטיקער היעראַרכיע, מחוצן יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן בכלל. שלום עליכם האָט פרובירט אַביסל דערהויבן דעם מצב פון יידישן באָהעם, אים דעהאַביליטירן, אָבער זיינע בעסערע שאַ־פונגען, זיינע קונסט־ווערק האָט ער נישט געווידמעט דעם יידישן כלי־זמר און ער האָט נישט פרובירט אַרויסצושטעלן דעם כלי־זמרס „אונטערוועלטישקייט" ווי עפּעס אַן ענין מיט וועלכן דער שרייבער דאַרף זיך פאַרנעמען, אַן ענין וועלכן דער שרייבער דאַרף אַריינפירן אין דער יידישער שרייב־קונסט.

אָפּאַטאָשו האָט נישט געוואָלט אידעאַליזירן זיין אונטער־וועלט־מענטש. ער האָט אים געזען אַ נאַקעטן, אַ רויען, אַן ערדישן, אַ פערד־גנב ווי ער איז, אַ טענצערין ווי זי איז, אַ קונצנמאַכער ווי ער שטייט און גייט. אַזוי ווי ער האָט זיינע פאַרשוינען באַגעגנט אַזוי שנײדנדיק רעאַליסטיש האָט זיי אָפּאַטאָשו געמאָלן, אַזוי האָט ער זיי אַריינגעבראַכט אין דער יידישער ליטעראַטור און האָט גע־זאָגט: „נאָט אייך, דאָס זענען אויך יידן, אונדזערע יידן, אייערע יידן, מיינע יידן. און ווייל איך האָב זיי ליבער פאַר דער גאַלעריע פאַרשמייעטע, פאַרמוחטע, באַפּאהטע און באַבאָרדטע יידן, דער־פאַר האָב איך זיי אייך געבראַכט אַ מתנה אין דער יידישער לי־טעראַטור אַריין!"

זיין זאָג איז געווען אַזאַ שטאַרקער, אַזאַ אימפּעטיקער, אַזאַ וואָגיקער, אַז מ׳האָט זיך באַלד צו אים צוגעהערט. זיינע העלדן זענען געוואָרן פֿולע בירגער אין לאַנד פֿון יידישן ליטעראַרישן שאַפֿן און איידער מ׳האָט זיך אַרומגעזען האָבן שפּאַצירט פֿראַנק און פֿריי צווישן מקובלים, צווישן ביאַלער און טריסקער, צווישן יחזקאל גאָמבינער און שלמה נגיד, צווישן אַלע אויבנאָן־יידן האָט זיך אויך אַרומגעשפּאַצירט אַ גאַנצער מנין יידן פֿון אַ נייעם מין, יידן מיט מיצלעך, יידן קונצנמאַכער, יידן פֿערד־גנבים, מיידלעך טענצערינס, מיידלעך, וואָס פֿירן לינקע ליבעס, יידישע פֿרויען, וואָס שלאָפֿן מיט גוים ווען דער מאַן פֿאַרראַט זיי. אין דער יידישער ליטעראַטור שפּאַנט אַריין מיט ביידע פֿיס אַ זאַנוול „פּשאַ־יוכע״, אַ בערקעלע בעל־עגלה, אַ שלמה קראַדניק. עס דרייט זיך אַרום אַ ייד מאָריס, אַ שיכּור, עס איז דאָ אַ זרח אַ בלינדער און זיין ווייב, וואָס שלאָפֿט מיט מאָריסן ווען איר גלוסט זיך. עס איז דאָ אַ לילי, אַ חוה, וואָס האָט אַ „קינדאַרניע״ און עס איז דאָ אַ ראָזע, אַ מויד, וואָס קומט אָפּוואַרפֿן איר ממזר ביי חוהן אין דער קינ־דאַרניע. אַ גאַנצער אונטערוועלטיש יידישער קלאָפּערגעצייג האָט אונטער אָפּאַטאָשוס זיכערער האַנט, אונטער זיין פֿירנדיקער האַנט זיך אַריינגעריסן אין די פֿרומע, שטילע היכלען פֿון דער יידישער ליטעראַטור, און זיי האָבן אָן בושה דערציילט, אויסגעזאָגט דעם סוד, וואָס ביי זיי אין די פֿאַרבאָרגענע ווינקלען טוט זיך. און די צניעותדיקע יידישע ליטעראַרישע משפּחה האָט אַ קוק געטאָן אויפֿן נייעם רומל, אויפֿן אומגעבעטענעם גאַסט, האָט געזען אָפּאַ־טאָשוס גאַלעריע פֿאַרשוינען, געהערט, וואָס זיי זאָגן, ווי זיי רעדן, ווי זיי האַנדלען, מ׳האָט פֿאַרשעמט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, און מ׳האָט געזאָגט: „טאַקע אונדזערע, אונדזער בלוט און פֿלייש, אַזוי זענען זיי טאַקע דער „פּראָטעסטאַנט״ האָט זיי גוט געזען, זיי געהערט גוט, ער האָט זיי אונדז געגעבן פֿולבלוטיק, שטאַרק. מיר מוזן זיי אַריינגעמען אין אונדזער עדה!״

און אָפּאַטאָשוס העלדן זענען געוואָרן אַ לעבעדיקער באַ־שטאַנדטייל פֿון דער יידישער ליטעראַטור און זיי האָבן זיך אָנ־געהויבן צו הערן אַלץ אָפֿטער, און זייערע שטימעס זענען געוואָרן

אַלץ העכער און אומעטום, אין יעדער יידישער סבֿיבֿה, אין יעדן קרייז האָבן זיי זיך באַוויזן. אַפּאַטאָשו האָט זיי אַרויסגעפֿירט פֿון זייער ווינקל, און האָט זיי אָנגעהויבן אַריינצוברענגען אינעם קרייז פֿון באַלעבאַטישע יידן, אין קרייז פֿון לומדים, פֿון תּלמידי חכמים, פֿון שיינע יידן, פֿון לערערס, רבנים און רביים. ער האָט זיי גע־טראָפֿן אין זיידנס דאָרף, אין די וועלדער, האָט זיי געפֿירט מיט זיך קיין אַמעריקע, און דאָ האָט ער זייער געזעלשאַפֿטלעכן סטאַטוס אַ הייב געטאָן און האָט דעם סטאַטוס פֿאַרפֿיקסירט.

אין דער היים זענען אַפּאַטאָשוס פֿאַרשווינען געווען אָפּגע־שלאָסן אין אַ באַזונדער ווינקל. זיי האָבן געלעבט אין זייער אָפּ־געגרענעצט אייגן וועלטל און האָבן מיטן יידישן אַרום געהאַט ווײ־ניקע באַציאונגען. דאָ אין אַמעריקע ווערן זיי אַ טייל פֿון אַלגע־מיינעם יידישן לעבן. דער קאַסטן־סיסטעם פֿון דער היימישער יידישער געזעלשאַפֿט איז דאָ אָפּגעשאַפֿט געוואָרן און לילי, ראָזע, אייבי און זיך ווייב חוה, מאָריס, דער בלינדער זרח בלום, און די מיסיס בלום, זיי, וואָס קערן באמת צו דער היימישער אונטער־וועלט, זיי וואָס זענען חברים פֿון די היימישע „פּשאַ־יוכעס", זיי זענען דאָ, אין אַמעריקע, יידן, וואָס וועלן, ווען עס איז, ווערן פּרעזידענטן פֿון שולן, פֿון וואוילטעטיקע אינסטיטוציעס, און זיי וועלן זיצן ביי איין טיש מיט אַמאָליקע געוועזענע חשובֿע באַלע־באַטים פֿון שטאָט פֿון וואַנען זיי קומען.

אינעם ראָמאַן „פֿון ניו יאָרקער געטאָ", אין „היברו" און ספּעציעל אין אַפּאַטאָשוס שפּעטערדיקן ראָמאַן „די טענצערין", זענען שוין די היימישע אונטערוועלט־מענטשן אַזוי איינגעבּיר־גערט אין יידישן לעבן דאָ, אַז קיינער באַמערקט גאָר נישט, אַז זיי זענען עס טאַקע די נעכטיקע פֿאַריאַס פֿון דער היים, מיט וועמען קיינער האָט קיין שום מגע־ומשא נישט געוואָלט האָבן. סעם, פּאָלאַק דער סאַלונקיפּער, דזשאַק דער וואוילער יונג, מיסיס ריטש און איר טאָכטער פּאָלי, חוה די קאַליקע, די אַלע פֿאַרשוי־נען פֿון ראָמאַן „אין ניו יאָרקער געטאָ" זענען כמעט די זעלביקע קונצנמאַכערס און פֿערד־גנבֿים, וואָס זענען געקומען קיין אַמע־ריקע און האָבן זיך דאָ צוביסלעך אַרויפֿגעאַרבעט, געוואָרן קענדי

סטאָר קיפּערס, סאַלון־האַלטערס, און הענדלערס פֿון נישט קיין „כשרע סחורות". פּאָליס ליבעס זענען נישט פֿון קיין העכערער מדרגה ווי עס זענען געווען די ליבעס פֿון די דינסטמיידן און פֿערד־יינגן אין דער היים. זייערע האַנדלונגען, זייערע רייד, זייער שפּראַך איז נאָך אַלץ באַהויכט מיטן היימישן אונטערוועלט. דער אונטערשייד איז נאָר, וואָס דאָ רעדט שוין פּאָלי אַ צעקאַלעטשעטן יידיש אָדער אַ שלעכטן ענגליש. די עראָטיק, די תאווה איז דאָ אַזאַ נאַקעטע, אַ רויע, אַן אָפּענע, ווי זי איז געווען אין זעלביקן קרייז אין דער היים. אָבער דאָ, אין אַמעריקע, באַווייזן זיך צווישן די פֿאַרשוינען פֿון געוועזענעם היימישן אונטערוועלט אויך פֿיינע יידן, יידן פֿון אַ גאַנץ יאָר, און אַפֿילו אַ רעווערענד לעווין „אַ נעט יידל" איז אויך אין דער זעלביקער חברותא מיט פּאָלין, מיט דזשעקן, מיט סעמען און מיטן מר. פּאָלאַק, דעם סאַלונקיפּער.

דער ראָמאַן „אין ניו יאָרקער געטאָ" האָט אין זיך אַ סך אויטאָביאָגראַפֿישע עלעמענטן. יוסף אָפּאַטאָשו האָט דאָ געשריבן פֿון אייגענער דערפֿאַרונג, פֿון נאָענטער באַקאַנטשאַפֿט, פֿון קומען אין קאָנטאַקט מיט די קענדי סטאָר קיפּערס און די פֿאַרשוינען אַרום קענדי סטאָר. ער האָט די נייע אַמעריקאַנער יידישע אונ־טערוועלט גוט געקענט, ווייל זיין ערשטע פּרנסה אין אַמעריקע האָט אים געגעבן אַ געלעגנהייט צו קומען אין קענדי סטאָרס, וואו ער האָט זיינע העלדן געטראָפֿן.

אין ראָמאַן „היברו", וואָס איז אין אַ סך פּרטים נאָך מער אויטאָביאָגראַפֿיש ווי „אין דער ניו יאָרקער געטאָ", אין ראָמאַן „היברו" בייט זיך אָפּאַטאָשוס סביבה ראַדיקאַל. אָפּאַטאָשו האָט זיך שוין אויסגעגרינט, איז אַ העברעאישער לערער. ער רייסט איבער זיין קאָנטאַקט מיט די קענדי סטאָר קיפּערס, און די העלדן פֿון זיין ראָמאַן זענען יידישע אינטעליגענטן, פּראָפֿעסיאָנאַלן, לע־רערס, שרייבערס, פּרינציפּאַלס פֿון תלמוד תורהס און פּרעזידענטן פֿון שולן.

פֿון קענדי סטאָר פֿירט אונדז אָפּאַטאָשו אַוועק אין די קלאַסן פֿון די תלמוד תורות, אין דער ליטעראַרישער קאַפֿע אין גרע־ניטש־ווילדעדזש, אין הויז אַריין פֿון מר. ליפּשיץ, דעם פּרעזידענט

פֿון שול, צום פּרינציפּאַל פּרידקין אין בחורישן צימער אַריין. מיר באַגעגענען דאָ אַ גאַנצע גאַלעריע נייע מענטשן, יידן פֿון אַ העכערן שטאַנד, די יידישע באַהעמיע. מיר טרעפֿן דאָ קרוזען, זיסקינדן, גרינען, דעם פֿיינעם דיכטער, און ליפּשיצן, דעם פּלאַגיאַטאָר, וואָס קויפֿט לידער ביי גרינען און דרוקט זיי אונטער זיין אייגענעם נאָמען. מיטן אויסנאַם פֿון גרינען דעם דיכטער זענען דאָ אַלע פֿאַרשוינען כמעט אַנטיפּאַטיש, קליינע מענטשעלעך, מענטשן, וואָס טראָגן איבער זייער חיהשער פּעל אַ פּאַליטור פֿון אינטעליגענץ, פֿון ראַפֿינירטקייט, פֿון קולטור.

פּרידקין, דער פּרינציפּאַל פֿון תּלמוד תּורה, איז אַ פּוסטער מענטש, אַ מענטש אָן אַ געוויסן, אַ פֿאַרדאָרבענער פֿאַרשוין, וואָס שטעלט זיך נישט אָפּ פֿאַר קיין שום נידעריקער האנדלונג אויב ער דערוואַרט, אַז פֿון דער האַנדלונג זאָל ער הייבן זיין פּרעס־טיזש, דערגרייכן צו אַ שטאַפּל העכער אין זיין כסדרדיקן זיך רייסן צום שפּיץ לייטער. ער לאַדט זיך איין צום פּרעזידענט מר. שולץ אין הויז אַריין, כּדי ער זאָל ווערן נענטער צו בעסין, מר. שולצס טאָכטער. ער טרעט איבער די קעפּ פֿון זיינע לערערס, וויל זיי דערנידעריקן כּדי ער זאָל זיך דערהויבן איבער זיי. די ארץ־ישראלדיקע מיידל, שושנה, איז נישט בעסער פֿאַר פּריד־קינען. זי אינטריגירט, פֿירט פּלאָנטעס, קומט צו פּרידקינען אין צימער, לאָזט זיך פֿאַרפֿירן פֿון אים, כּדי פּרידקין זאָל מוזן מיט איר חתונה האָבן.

די קאַנווע פֿון ראָמאַן איז אַ ברייטע. די לערערס און פּאָעטן פֿירן לאַנגע געשפּרעכן, דיסקוסיעס וועגן ליטעראַרישע, געזעל־שאַפֿטלעכע פּראָבלעמען. מען אַמפּערט זיך וועגן יידיש און העב־רעאיש, מ׳רעדט „שאַפּ״, מען רעדט וועגן עברית בעברית, מען דערציילט זיך רכילות, און מען רייסט זיך איינער דעם אַנדערן אַראָפּ, מען מאַכט צו קליין געלט יענעם, כּדי זיך אַליין אַ הייב צו טאָן.

די געשפּרעכן זענען לעבעדיקע, צאַפּלענדיקע. די פּראָבלע־מען זענען היינטצייטיקע, שטענדיקע, פֿרישע, די רייד אין די דיס־קוסיעס זענען אַ סך מער ראַפֿינירט, ליטעראַריש, אינטעליגענטיש,

אָבער דער רוב פֿון די פּאַרשוינען זענען אַזוי פֿאַרדאָרבן, אַזוי פֿאַרטאָן אין תּאווה, אין קנאה, אין אָפֿענער און באַהאַלטענער עראָ־טיק, אַז אין לעצטן סך־הכּל זענען זיי נישט קיין סך בעסערע מענטשן ווי עס זענען געווען אָפּאַטאָשוס אַמאָליקע העלדן פֿון דער אונטערוועלט.

דער ראָמאַן איז געשריבן אין אַ דערציילעריש־נאַראַטיוון סטיל. זאַצן זענען לאַנגע, פֿולע. נישטאָ נאָך אָפּאַטאָשוס שפּעטער־דיקע געצאַמטקייט, נישטאָ נאָך די האַסטיקייט פֿון שרייבן, נישטאָ אַפֿילו די בילדלעכקייט און קרעפֿטיקייט מיט וועלכע זיין סטיל צייכנט זיך שפּעטער אויס אַזוי בולט.

אָפּאַטאָשו האָט דאָ גענומען אַ נייעם אַפּשניט פֿון ידישן לעבן, און ער האָט אים פֿאַר אונדז געמאָלן מיט זיינע רעאַליס־טיש־שניידנדיקע פֿאַרבן, געמאָלן אָפֿן, פֿריי, אָן באַפּוצונגען. ער האָט אונדז געוויזן, אַז אַפֿילו אין דער דאָזיקער געזעלשאַפֿט פֿון ידישע אינטעליגענטן, שרייבערס, באָהעמע, אַפֿילו דאָרט איז דער מענטש אַזוי נאָענט צו דער חיה ווי ער איז אין דער סבֿיבֿה פֿון דער אונטערוועלט. אויך דאָ, צווישן דער ידישער אינטעליגענץ, זענען די תּאוות, די עראָטיק אַזוי פּרימיטיוו ווי ביי די ידישע קונצנמאַכערס און טענצערינס. פֿאַרפֿירערס לויערן דאָ אויך אויף די, וואָס לאָזן זיך פֿאַרפֿירן, און שושנה, וואָס לאָזט זיך פֿאַרפֿירן פֿון פּרינציפּאַל פֿרידקין איז נישט קיין סך אַ בעסערע מענטש ווי לילי, ווי די מויד ראָזאַ, וואָס זענען געקומען אַפּוואַרפֿן זייערע קינ־דער אין חוהס קינדאַרניע.

די אייגנשאַפֿטן פֿון דער אונטערוועלט, פֿון ניו יאָרקער גע־טאָ האָט אָפּאַטאָשו דאָ אָנגעמאָסטן אויף די פּאַרשוינען פֿון דער העכערער סבֿיבֿה, און ער האָט געזען, אַז עס פּאַסט זיי, ווי צו־געשניטן פֿאַר זיי. זיי קענען זיין „פּאָעטן" און גנבֿענען לידער, זיי מעגן זיין לערערס, פּרינציפּאַלס, אָבער נאָך זייערע הייסע דיס־קוסיעס וועגן ליטעראַטור און פּאָליטיק, גייען זיי אַוועק צו זיך אין ווינקל אַריין, וואַרפֿן פֿון זיך אַראָפּ דעם שלייער פֿון אינטעלי־גענטישקייט און בלייבן שטיין פֿאַר אונדז אין זייער חיהשער אָדער גאָר מענטשלעכער נאַקעטקייט. עס דאַכט זיך, אַז אָפּאַטאָשו זאָגט

אונדז: די פֿונדאמענטאַלע מענטשלעכע איגנשאַפֿטן פֿון ליבע, שנאה, קנאה, פֿרייד און טרויער זענען די זעלביקע ביי אַלע קלאַסן, ביי אַלע שיכטן און גרופּירונגען פון אונדזער געזעלשאַפֿט. כ׳האָב איך פֿריער געוויזן איין ווינקל, אַ פֿאַרבאָרגענעם ווינקל פֿון אונדזער יידישער געזעלשאַפֿט. איר האָט געמיינט, אַז נאָר זייער אויפֿפֿירונג איז אַזאַ, וואָס האָט איך געמאַכט שטוינען, איז נאָט איך, זעט, קוקט אַריין אין חדר פֿון דער יידישער אינטעליגענץ און איר וועט זען, אַז דאָרט איז אויך נישט בעסער. אַזוי זענען מענטשן, אַזוי זע איך זיי און כ׳וויל איר זאָלט זיך נישט איבערנעמען מיט אייער אַנדערשקייט. אין גרונט גענומען ווערן מיר אַלע רעגירט פֿון איין קנויל אינסטינקטן, אינסטינקטן חיהשע, מענטשלעכע, וואָס זענען די טרייב־קראַפֿט פֿון אונדזער לעבן. מייַנע לערערס, פּאָעטן, שול־פּרעזידענטן זענען נישט קיין סך בעסער ווי די קונצנמאַכערס מיינע, אָדער בעסער געזאָגט,ביידע גרופּעס זענען מענטשן, מענטשן פֿון איין טייג געקנאָטן, מענטשן, וואָס אונטער אַ געגעבענעם סדר פֿון באַדינגונגען פֿירן זיי זיך און האַנדלען אַזוי און נישט אַנדערש.

כּדי מיר זאָלן נישט מיינען, אַז אפֿשר איז די אַמעריקאַנער סבֿיבה שולדיק אין דעם, וואָס די פֿראַדקינס און ליפֿשיצעס זענען אַזוי קאָרופּטירט, ווי די היימישע און אַמעריקאַנער בערקעס, שלמה קראַדניקעס, מאָריסעס, חוהס, לילינס און פּאָליס, אייביס און דזשייקס, מאַכט אָפּאַטאָשו אַן עקסקורסיע צוריק אַהיים. ער פֿירט אונדז אָוועק צוריק אין די סטופּסקער וועלדער אַריין, ער ברענגט אונדז אין נאַטירלעכן „האביטאַט״ אַריין פֿונוואַנען ער האָט אַהער אימפּאָרטירט זיין גאַנצע פֿריערדיקע גאַלעריע אונטערוועלט מענטשן, און ער מאָלט פֿאַר אונדז אַ ברייט בילד, אַ בילד אויף וועלכן די הויפּט־העלדן זענען שוין נישט די פֿריערדיקע פֿערד־גנבֿים, נאָר די הויפּט־פּאַרשוינען זענען די בלייך־צניעהדיקע, די כּשרע יידישע טעכטער, וואָס האָבן געוואוינט אין דעם פּריצישן הויז, וואָס איז געווען אָפּגעזונדערט פֿונעם אָרום, וואָס האָט אַראָפּגעקוקט אויף דער אונטערוועלט אי מיט בּיטול אי מיט פּיינלעכער פֿאַרשעמטקייט. אין הויז האָבן געוואוינט די קאַרפּן־קעפּ אי פֿון

דער יידישער אַריסטאָקראַטיע אי פֿון יידישער לומדות. די אונ־טערוועלט־פֿאַרשווינען האָבן קיינמאָל נישט געוואַגט אַפֿילו זיך צו דערנענטערן צו דעם הויז. און די קינדער פֿון דעם הויז האָבן גע־לעבט אין עושר און אין כּבֿוד. זיי האָבן געהאַט די בעסטע לע־רערס, האָבן געלערנט אי תּורה אי וועלטלעכע לימודים; און שידוכים פֿאַר זיך און טעכטער האָבן טאַטע־מאַמע דורכגעפֿירט. קינדער האָבן זיך באַקענט מיט זייערע באַשערטע ערשט אונטער דער חופּה און צניעותדיק־שטיל האָט מען דאָרט געלעבט, געהאַט קינדער און זיי דערצויגן צו תּורה און מעשׂים טובֿים.

אין דער סבֿיבֿה מיט איר איינגעשטעלטער טראַדיציע, מיט איר איינגעפֿונדעוועטן שטייגער, אַהער פֿירט אונדז אָפּאַטאָשו אַוועק אין זיין ראָמאַן „אַליין״, וואָס אַ סך לייענער און שרייבער האָבן געמיינט, אַז דאָס איז דריטע בוך אין דער טרילאָגיע „די פּוילישע וועלדער״.

דער ראָמאַן „אַליין״ איז אַ וויכטיקער שטאַפּל אין אָפּאַטאָשוס קינסטלערישן שטייגן. אין ראָמאַן איז נאָך אויך דאָ שטיקער פּראָ־טעסט קעגן „די טשאָלנט ריחות אין דער יידישער ליטעראַטור״, אָבער דער פּראָטעסט איז שוין נישט קיין שרייענדיק־דעמאָנסטראַ־טיווער, נאָר אַ געמיטלעך־געלאַסענער, אַ פּראָטעסט, וואָס איז בלויז אַן עכאָ פֿון אָפּאַטאָשוס אָנהויב, און דער עכאָ ווערט אָפּט פֿאַר־לוירן אינעם אידיליש־סודותדיקן שושקען זיך פֿון די ביימער אין וואַלד, אין וואַלד, וואו די אַקציע פֿון ראָמאַן קומט פֿאָר. צום ערשטן מאָל לייענען מיר איצט דאָ אָפּאַטאָשוס אַ ווערק, וואָס איז מער ראָמאַנטיק ווי רעאַליזם, מער אידיליע, מער יום־טובֿדיק ווי די ביזאַהעריקע וואָכעדיקייט, וואָס ער האָט געמאָלן. „אַליין״ איז שיר נישט אַ ראָמאַנטישע אידיליע, און איינער פֿון די הויפּט־העלדן פֿון ראָמאַן איז דער וואַלד, אָפּאַטאָשוס וואַלד, וואָס וועט באַלד פֿאַרוואַנדלט ווערן אין „אין פּוילישע וועלדער״. דאָ איז שוין דאָ מרדכי, דער הויפּט־העלד פֿון „אין פּוילישע וועלדער״. עס זע־נען דאָ די קאָצקער חסידים, וואָס וועלן שפּילן אַזאַ וויכטיקע ראָלע אין ראָמאַן „אין פּוילישע וועלדער״, אָבער אי מרדכי אי די קאָצ־קער חסידים זענען דאָ עלטערע מענטשן, מער געלאַסענע. דער

קאַצקער אַליין איז שוין לאַנג נפֿטר געוואָרן. מרדכי האָט שוין אויס־געברענט אין זיך דעם גאַנצן יוגנטלעך־רעוואָלוציאָנערן פֿייער, זיין זוכעניש און אומרו האָבן זיך אָפּגעטאָן פֿון אים. ער איז דער טאַטע, דער חשובער, באַלעבאַטישער ייד, וואָס האָט אין דער יוגנט אַ שטיף ׳געטאָן מיט אַ שיקסל, אָבער ערשט האָט ער שוין אַליין אַ טאָכטער אַ בוגרת, שרקהלע, און זי, די טאָכטער זיינע, זי גייט איצט דורך דעם שטורעם און דראַנג פּעריאָד, וואָס איר פֿאָטער מרדכי האָט שוין לאַנג געלאָזט הינטער זיך. איר שטורעם און דראַנג פּעריאָד איז אַן אַנדערער ווי איר טאַטנס איז געווען, אַ מער ערדישער און ערדטישער, אָבער ער איז אַזוי ברויזיק ווי ער איז געווען אַמאָל ביים טאַטן.

אָפּאַטאָשו האָט געמיינט,אַז ער איז אין אַמעריקע, אין ניו־יאָרק אַ תּושב. ער איז געקומען, האָט געזען און האָט באַזיגט. ער האָט מיט זיך אָפּגענעם קינסטלערישן אויג באַנומען די נייע סבי־בה זיינע, און ער האָט אָנגעהויבן אימפּעטיק צו מאָלן שטיקער ניו־יאָרקער לעבן, שטיקער יידישן ניו־יאָרק. איז אים טאַקע זיין צופּאַ־סונג־פֿעאיקייט גוט בייגעשטאַנען אין זיין אַרבעט. ער האָט שנעל אויפֿגעכאַפּט זיין אַרום, און ער האָט אונדז געגעבן שטאַרקע, פּלאַסטיש־רעאַליסטישע געמעלן פֿון אַ געוויסן סעקטאָר פֿון יידישן לעבן אין ניו־יאָרק, אַ לעבן, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן פֿאָרמירן, האָט אָנגעהויבן צו קריגן אַן אייגנאַרטיקן פּנים. ער האָט געזען ווייט און ברייט, אָבער אַריינדרינגען אין דער טיף פֿון ניו־יאָרקער יידישן לעבן האָט ער נאָך נישט געקענט, ס׳איז נאָך אפֿשר קיין טיף נישט געווען. ווען ער האָט אָבער אַ קוק געטאָן אויף הינטער זיך, ווען ער איז אַ שטיל־בענקענדיקער אַוועק צוריק אויף אַ באַזוך צו זיך אין וואַלד אַריין האָט ער איצט דערזען ווי ווייט פֿאַר־וואָרצלט ער איז אין יענער סביבה, ווי טיף ער שטעקט מיטביידע פֿיס אין יענער ערד. ער איז אַהין געגאַנגען טאָן אַן עפֿן אַ טיר פֿון אַן אַריסטאָקראַטיש־לומדיש־באַלעבאַטישן הויז און ווייזן, אַז דער גייסט פֿון קונצנמאַכער, אַז דער געזעץ פֿון איינגעבוירענע אינסטינקטן און געזונטע חושים רעגירט דאָרט אויך, אָבער קו־מענדיק אַהין האָט אָפּאַטאָשו דערזען אַ פּרעכטיקע שפּע פֿון אי־

דיליע, פון ראָמאַנטישקייט, פון שיינקייט. זיין אויג איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער דאָזיקער שיינקייט, ער איז געבליבן שטיין פאַרגאַפּט און האָט אַ פאַרליבטער זיך געגומען צום פענדזל. מיט נייע פאַרבן, פרישע, לעבעדיקע קאָלירן האָט ער אָנגעהויבן צו מאָלן די אידיליע אַרום זיך און ס'איז אַרויסגעקומען דער ראָמאַן „אַליין", וואָס איז דערציילעריש גאַנץ, וואָס לייענט זיך פליסיק־פאַרכאַפּנדיק, וואָס איז זאַפטיק און גוטמוטיק־שפּילעוודיק.

„אַליין" דערמאָנט אונדז קעלערמאַנס „אינגעבאָרגא", ער דערמאָנט אונדז אויך „גרין מענשאָנס" אין זיין עקזאָטיק. עס זענען בכלל דאָ אין ראָמאַן אַ סך נישט יידישע, פרעמדלעכע עלעמענטן. די סצענע אין דער וואַלדיקער לבנה־נאַכט, ווען דער סטודענט קראָנענבערג גנבעט אַרויס שרקהלען דורכן פענצטער, וויקלט איר אײַן אין פוטער און אַנטלויפט מיט איר אין דער נאַכט אַריין אויפן שליטן, וואָס יאָגט זיך איבערן שניי מיט אַזאַ שנעלקייט ווי געטראָגן אויף פליגל, די סצענע און נאָך אַ סך אַנדערע בילדער דערמאָנען אונדז מער אין טראַדיציאָנעלן רוסישן ראָמאַן, אין העכסט ראָמאַנטישן, קלאַסישן אידיליע־ראָמאַן, ווי אין אָפּאַטאָשוס רעאַליסטיש־פּלאַסטישן, דערציילערישן שטייגער. אָבער דער ראָמאַן „אַליין" איז פאָרט אָפּאַטאָשוס אַן אייגנאַרטיקע אַרבעט, אַן אויסנאַם אפשר צווישן זיינע ווערק, אָבער דאָך אָפּאַטאָשוס אַ שאַפונג. דאָס גאַנצע קאַפּיטל „אויפן אייז", וואו שרקהלע גליטש זיך מיט איר געליבטן סטודענט קראָנענבערג איז געצייכנט מיט אָפּאַטאָשוס רעאַליסטישער געניטקייט, און כאָטש שרקהלע פּאַסט זיך עפּעס נישט אַריין אין דער „גליטש־סצענע", כאָטש איר שלימזלדיקער מאַן ברוך זעט נישט נאָר אויס נעבעכדיק שפּלדיק, שיר נישט גראָטעסק, ווען ער טרעפט שרקהן מיט די גליטשערס אויף איר אַקסל און דעם סטודענט קראָנענבערג ביי איר זייט, פונדעסטוועגן איז דאָס בילד דאָך פאַרכאַפּנדיק נישט נאָר צוליב דער עקזאָטיק פונעם געמאָל נאָר ספּעציעל דערפאַר ווייל אָפּאַטאָשוס געניטקייט, זיין היימישקייט מיט דער סביבה גיט אים אַ געלעגנהייט צו געבן פולן אויסדרוק צו זיין קינסטלערישער באַגאַבטקייט, צו זיין מאָלערישן טאַלאַנט.

אין וואַלד איז אָפּאַטאָשו ביי זיך אין דער היים. דאָ שפּרודלט זיין פּעדער מיט אַ שפּע פון פאַרבן, לעבעדיקע קאָלירן, עכטע קאָלירן. דאָ שאַפט ער פּרעכטיקע מאָזאַאיקס. ער קען די שפּראַך פון בוים, פון בלום, פון גרעזל, פון יעדער באַשעפעניש, פון אַלע באַשעפענישן, וואָס ווימלען אין וואַלד. ער קען דעם ייד פון וואַלד און דעם גוי, וואָס וואוינט דאָרט, ער איז באַקאַנט מיט די ציגייַנער און ציגאַנקעס, וואָס האַלטן זיך אויף אין וואַלד. ער קען זייערע ליבעס, זייערע אינטריגעס, זייערע געזאַנגען, זייערע פריידן און ליידן, און זייערע עקזאָטיש, ליריש־ראָמאַנטישע מעשהלעך און וועגטורעס זענען אים פון קינדוויַיז אָן איינגעבאַקן אין האַרצן. און פון דעם גאַנצן מאַטעריאַל, פון אַלץ, וואָס אין וואַלד טוט זיך, האָט אָפּאַטאָשו מיט אַ פּליסיקער האַנט, מיט שפּילעוודיקער לייכט־קייט אויסגעזונגען די ראָמאַנטישע אידיליע „אַליין“. און טאַקע זייענדיק אין וואַלד אַ פאַרגאַפטער האָט ער אַ וואָרף געטאָן אַ בליק אויף דעם פּריציש־אַריסטאָקראַטיש יידישן הויז, וואו מרדכי וואוינט. ער האָט דאָרט געזען שרהקעלען, אַ יידישע ציגאַנקע, וואָס קאָרטשעט זיך פון בענקשאַפט צום קאָלירפול־רייצנדיקן אַרום. זי איז אַ בלום, וואָס רייסט זיך צו זון־שיין אָבער זי וועלקט הינטער די גראַטעס פון גאָלדענעם פּאַלאַץ, וואו איר פאָטער, דער אַמאָליקער שטיפער און היינטיקער שיינער ייד, האַלט איר פאַרשלאָסן. אין איר האַרץ, ווי אין די הערצער פון די שיקסעס אַרום איר, ווי אין די הערצער פון די שפּילעוודיק־לעבע־דיקע ציגאַנקעס, פלאַקערט אַ פייער פון תאווה. שרהקע, מרדכיס טאָכטער, איז אַזוי זינדיק אין דער מחשבה, ווי יענע, וואָס זינדיקן בפועל ממש. זי האָט די זעלביקע אינסטינקטן, ווי די אַרום איר פון וועלכע זי איז קינסטלעך אָפּגעצאַמט. דער צוים איז אַן אַרויפּ־געצוואונגענער צניעות־שלייער אויף איר פלאַטערדיקן קאָפּ. איר פאָטער מרדכי קען האַלטן פאַרשלאָסן איר גוף הינטער זיבן שלעסער אָבער אירע מחשבות, איר לוסט קען ער נישט צוימען. ער קען אַפילו אַראָפּבריינגען צו איר אַ שלימזלדיקן ברוך, וואָס זיצט איבער דער אָפענער גמרא און זינגט ווייט און אומעטיק. זי מוז אַפילו זיין די ווייב, די פרוי פון דעם, וואָס איז איר מאַן על פי

דין, אָבער ליב האָבן קען איר קיינער נישט צווינגען זי זאָל אים ליב האָבן. טראַדיציע, געוואוינהייט, מורא האַלטן איר געפּענטעט ביים טאַטן אין הויז, מיט ברוכן אונטער איין דאַך, אָבער דער מענטשלעך־חיהשער אָדער דער געזונט־מענטשלעכער אינסטינקט קריגט סוף־כּל־סוף די אויבערהאַנט. דער וואַלד רופט, קראַנגע־בערג כּישופט מיט צוזאָגן און אַפּאַטאַשו קען לאַנג שרקהלען נישט האַלטן צוגעבונדן צום שלימזלדיקן ברוכן. ער ווייס שוין פון לאַנג, אַז תּאוה און שטאַרקע עראָטיק וועלן ברעכן אַלע צווי־מען. שרקהלע פון דער פּריצישער הויז איז אין עצם נישט בעסער, ווי פאַלי, ווי לילי, ווי חוה, ווי די ציגיינערקעס אין וואַלד. אין אַריסטאָקראַטישן ידישן הויז אין וואַלד איז אויך דאָ אַ טענצעריך, צעברעכט זי אַלע דאַמבעס פון צניעות אַרום זיך, וואַרפט אַראָפּ פון זיך דעם געצוואונגענעם שלייער און טאַנצט אַרויס דורכן פענצטער, אַנטלויפט אי פון טאַטן אי פון פאַרדבקהטן ברוכן. דאָס לעבן רופט און זי פאָלגט דעם רוף.

זענען דאָ אין דעם ראָמאַן ליבעס און אינטריגעס, זענען דאָ שליטנס מיט יאָגנדיקע פערד, זענען דאָ אידילישע ווינטער־נעכט און זומער־אָוונטן, וואָס רייצן און מיניען מיט כּישוף־פּייערלעך, אָבער איבער אַלץ איז דאָ דער וואַלד, אַפּאַטאַשוס וואַלד. די בילדער פון וואַלד, די וואַלד־עקזאָטיק פאַרנעמט אין דעם ראָמאַן דעם אויבנאָן און אַפּאַטאַשוס אייגענע דערפאַרונגען, זיין נאָענט היימישע סביבה האָט דאָ דעם ראָמאַן געגעבן אי קאָליר, אי שטאַר־קייט, אי אַ קינסטלעריש־הויכע טעמפּעראַטור, אי דערציילערישן שוואונג. אַפּאַטאַשו האָט אין ראָמאַן „אַליין" צוגעגרייט פאַר זיך דעם באָדן ער זאָל קענען שפּעטער גיין צוריק אין צייט און אָנשרייבן זיין מייסטער־ווערק, אָדער איינע פון זיינע בעסטע שאַפונגען, דעם ראָמאַן „אין פּוילישע וועלדער", וואָס איז נישט נאָר אַ וויטערדיקער שטאַפּל אויף זיין שאַפונג־לייטער, נאָר, וואָס איז אַ שפּיצבאַרגיקער שפּרונג אין עצם אינהאַלט, אין דער טע־מע, וואָס ער האָט איצט פאַר זיך אויסגעקליבן.

קונסט איז דער פּראָצעס פון איבערגעבן אין ווערטער, אין פאַרבן, אין קלאַנגען די דערפאַרונגען און איבערלעבונגען, וואָס דער קינסטלער האָט געהאַט, וואָס ער האָט געהערט, געזען, באַטראַכט, פאַרדייעט און איבערגעבערענט אין זיך; דאָס און נאָך אַן אומבאַשטימטער עפּעס, וואָס איז אָפּט די פערטע דימענסיע פון שאַפונג־פּראָצעס, דאָס איז קונסט. אָבער נישט אַלע קינסטלער זענען פעאיק און באַגאַבט צו שאַפן ווערק, וואָס זענען אין עצם פון דריי דימענסיעס, ווער שמועסט נאָך ווערק אַזעלכע אין וועלכע די פערטע דימענסיע פילט זיך אין דער לופט פונעם ווערק.

דער קינסטלער מוז קענען צוגעבן צו זיינע דערפאַרונגען עפּעס אַזאַ מין אויסדרוק, אַזאַ סכום געדאַנקען און געפילן, וואָס זענען ביז אַהער געווען פאַרבאָרגן פאַרן פשוטן אויג פון דורכשניטלעכן מענטש, ער דאַרף קענען זען פון אַ העכערן שטאַפּל, זען פון לייטערדיקער הייך, דאָס וואָס דער דורכשניטלעכער מענטש זעט בלויז פון דער הייך אויף וועלכער ער שטייט. דער קינסטלער דאַרף קענען אַזוי שרייבן, מאָלן, צייכענען, אַז ער זאָל זאָגן אַלץ, וואָס איז נייטיק און דאָך זאָל ער אַזוי פיל נישט דערזאָגן, אַז יעדער איינער, וואָס נעמט דאָס קונסט־ווערק אין האַנט אַריין זאָל קענען אַליין צוטראַכטן, פאַרענדיקן, עפּעס צוגעבן צום געזאָגטן. אַ קונסט־ווערק דאַרף איבערלאָזן אַ סוספּענדירטן געדאַנק, אַ נישט דערגאַנצטע אידייע, אַ וויזיע, וואָס איז טראָגעדיק מיט בילדער, וואָס לאָזן ווייטער, ברייטער און פולער מאָלן. דעם קינסטלערס אייגענע דערפאַרונגען דאַרפן אַזוי ווערן איבערגעגעבן, אַז דער לייענער זאָל קענען די דערפאַרונגען פאַראײַגענען, זיי אָננעמען ווי זיי וואָלטן געווען זיינע דערפאַרונגען, זיינע איבערלעבונגען, זיינע אייגענע געפילן. דער קינסטלער, וואָס קאָן צוגעבן צו זיינע געפילן, צו די געפילן פון זיינע כאַראַקטערן די אייגנשאַפטן פון ברייטקייט, פון אוניווערסאַלקייט, דער דאָזיקער שאַפער איז דער, וועמענס ווערק עס ווערן אַריינגענומען אין פאַנטעאָן פון אומשטערבלעכע, קלאַסישע ווערק. ווייל אַ קלאַסיש ווערק איז קודם־כל אַ ווערק, וואָס האָט אין זיך די עלעמענטן פון אוניווערסאַלקייט, וואָס פאַרמאָגט די אייגנשאַפטן

פֿון זיין שטענדיק אמת, וואָס איז אַזוי געבויט, אַז אין יעדער עפּאָכע, אין יעדער צייט, אין יעדער געזעלשאַפֿט זענען דאָ גע־וויסע צאָלן מענטשן, וואָס געפֿינען אינעם ווערק אַזעלכע געדאַנ־קען און אידייען, אַזעלכע געפֿילן, וואָס דריקן אויס זייער אייגענעם געמיט־צושטאַנד, געפֿילן וואָס זיי קענען צופּאַסן צו זיך, געפֿילן אין וועלכע זיי זען זיך אַליין.

די סיטואַציעס, די כאַראַקטערן, וואָס דער קינסטלער מאָלט קענען זיין געשיכטלעכע, אָבער כּדי זיי זאָלן האָבן לעבן, כּדי זיי זאָלן זיין פֿולבלוטיק מוזן זיי אין שרייבערס אויג שטיין ווי מענטשן, וואָס ער אַליין האָט געזען, ווי געשעענישן, וואָס ער האָט אַליין דורכגעלעבט. „נאָר ווען מ'האָט אין געדאַנק אַ לעבעדיקן מאָז'על קען דער געשאַפֿענער כאַראַקטער האָבן וויטאַליטעט און „אידיאָ־סינקריסיטעט" ביים שאַפֿן", וואָרנט טורגעניעוו אי זיך אי אַלע אַנ־דערע קינסטלער, וואָס ווילן מאָלן דויערנדיק־אוניווערסאַלע כאַ־ראַקטערן.

אָבער נאָר דער עכטער קינסטלער קען אַזוי מאָדעלירן זיי־נע אַלע כאַראַקטערן, אַז זיי זאָלן אַרויסקומען אי פֿולבלוטיק־לע־בעדיק אי אוניווערסאַל, אי איבערצייגנדיק אין דער סיטואַציע, אין דער צייט אין וועלכער דער קינסטלער לאָזט זיי דערשיינען. אַפֿילו די גרעסטע קינסטלער אין דער וועלט־ליטעראַטור האָבן נישט געקענט אַזוי מאָלן אַלע כאַראַקטערן, נישט אַלעמאָל גע־קענט אַזוי שרייבן אַלע זייערע ווערק, אַז זיי, די ווערק, זאָלן האָבן אין זיך אָט־די אוניווערסאַלע אייגנשאַפֿטן, אָט־די דריי און פֿערטע דימענסיע, וואָס באַרעכטיקט דאָס ווערק צו ווערן פֿאַררעכנט אין דער קאַטעגאָריע פֿון אומשטערבלעך, קלאַסישע שאַפֿונגען.

אין פּרצס שאַפֿן איז דאָ אַ סך דערהויבנקייט ,הויכקייט, אָפֿט זייער אַ סך טיפֿקייט, אָבער נישט אַלעמאָל, אָדער אפֿשר זעלטן ווען ס'איז דאָ ביי אים ברייטקייט. שלום אַש האָט ברייטקייט, זייער אַ סך דערהויבנקייט, אָבער זעלטן טיפֿקייט. ביי אַשן און ביי פּרצן קען איינע אָדער אַ צווייטע דימענסיע זיין שטאַרקער אָדער שוואַ־כער, דערפֿאַר זענען ביי זיי אָפֿט דאָ די אייגנשאַפֿטן פֿון אַנדיי־טונג, דער פֿאַרנעם כאָטש דורך דינע שטריכן, דורך רמזדיקן

וואונק צו סוגעסטירן אַפּט דריי און אַמאָל אויך אַן אָנזאָג אויף דער פֿערטער דימענסיע פֿון שאַפֿונג־פּראָצעס.

אין אָפּאַטאָשוס ווערק, ביז „אין פּוילישע וועלדער", איז געווען מער ברייטקייט ווי דערהויבנקייט, מער ברייטקייט ווי טיפֿקייט. און אין אַ צאָל פֿון זיינע קלענערע דערציילונגען איז דאָס פֿעלן פֿון דערהויבנקייט קאָמפּענסירט געוואָרן מיט דער אייגנשאַפֿט פֿון אימפּעט, פֿון שטאַרקייט, פֿון לויטערער קלאָרקייט. ערשט מיטן אָנשרייבן דעם ראָמאַן „אין פּוילישע וועלדער" האָט אָפּאַטאָשו דערגרייכט די מדרגה פֿון קינסטלערישן שאַפֿן, וואו טיפֿקייט, ברייטקייט און דערהויבנקייט, פּלוס נאָך "עפּעס", וואָס קען באַטראַכט ווערן, ווי אַ מין פֿערטע דימענסיע, האָבן זיך האַרמאָניש דערגענצט, האָבן זיך פֿאַרוועבט איינער אין אַנדערן און ס'איז ביי אים אַרויסגעקומען אַ ווערק, וואָס מען קען מיט אַ גרויסער מאָס זיכערקייט אָנרופֿן אַ קלאַסיש ווערק. „אין פּוילישע וועלדער" איז, ביז אָפּאַטאָשוס ראָמאַן „ר' עקיבא", זיכער געווען זיין מייסטערווערק, די קרוין פֿון זיין קינסטלערישער מי. צי דאָס ווערק וועט בלייבן אָפּאַטאָשוס העכסטע דערגרייכונג, איז נאָך פֿריצייטיק צו זאָגן. ס'קען גריילעך זיין, אַז מיטן ענדיקן זיין גרויס ווערק „ר' עקיבא", וועט דער ראָמאַן „אין פּוילישע וועלדער" פֿאַרנעמען דאָס צווייטע אָרט אין אָפּאַטאָשוס שאַפֿונג־וועג. ס'קען אויך זיין, אַז אָפּאַטאָשו וועט נאָך שרייבן אַ ווערק, וואָס וועט שטיין קינסטלעריש העכער, אי ווי „אין פּוילישע וועלדער", אי ווי „ר' עקיבא". דערוויל, ווי אַ גאַנץ, ווי אַ פֿאַרענדיקטע שאַפֿונג, איז „אין פּוילישע וועלדער" אָפּאַטאָשוס קרוין־ווערק, וואָס פֿאַרנעמט שוין דאָס אָרט פֿון אַ קלאַסיש ווערק אין דער יידישער ליטעראַטור.

אין וואָס אייגנטלעך באַשטייט די גרויסקייט פֿון ראָמאַן „אין פּוילישע וועלדער"? אויף דער פֿראַגע צו געבן אַן ענטפֿער איז נויטיק אַליין צו גיין צום שרייבער, גיין צום בוך און אים לייענען. אָבער אַ פּאָר אַלגעמיינע שטריכן, אַ פּאָר קורצע באַמערקונגען וועגן די אייגנשאַפֿטן, וואָס דאָס ווערק האָט, וועגן די אורזאַכן פֿאַרוואָס דאָס ווערק קען ווערן, איז שוין געוואָרן אַ שאַפֿונג, וואָס הייסט אַ קלאַסיש ווערק, קענען מיר דאָ געבן, און דאָס אויך בלויז אין

אַלגעמיינע גענעראַליזאַציעס, ווייל באמת איז קיין דעפֿיניציע, קיין חזאַג און מאָס פֿאַרן אויסדרוק „אַ קלאַסיש ווערק" נאָך נישטאָ. דער „עפּעס", וואָס אַ קלאַסיש ווערק האָט יאָ אין זיך און וואָס טיילט עס אָפּ פֿון אַנדערע שאַפֿונגען, דער ,עפּעס" איז אַזוי נישט דעפֿינירבאַר, אַז מ׳קען גאָרנישט געפֿינען קיין באַגריפֿן אין דער מענטשלעכער שפּראַך דעם „עפּעס" קלאָר צו מאַכן.

די ברייט פֿון דער קאַנווע אויף וועלכער דער ראָמאַן „אין די פּוילישע וועלדער" איז געמאָלן, איז אַזוי אַלץ־אַרומנעמענדיק, דער סיפּור המעשה איז פֿון אַזאַ אוניווערסאַלן כאַראַקטער און אַזוי גאַנץ, פֿאַרענדיקט; די פֿונדאַמענטאַלע מענטשלעכע אייגנ־שאַפֿטן זענען אַזוי בולט און קלאָר אַרויסגעבראַכט, די העלדן האָבן אַזעלכע אינדיווידועלע, פּלאַסטיש־אויסגעהאַקטע, פֿול־בלוטיק־מענטשלעכע שטריכן און כאַראַקטעריסטיקעס, זייערע אידייען און קאָנפֿליקטן, זייערע גייסטיקע געראַנגלען זיינען אַזוי אמת און אייביק, אַלמענטשלעך און פֿונדאַמענטאַל, אַז די דאָזיקע אייגנ־שאַפֿטן אַליין שטעלן שוין אַוועק דעם ראָמאַן אין דער רייע פֿון קלאַסישע ווערק.

ווי סערוואַנטעס דאָן קיכאָט און סאַנטשאָ פּאַנזאָ — אי־דעאַליזם — ווערסוס פּראַקטישן־רעאַליזם־קאָנפֿליקט; ווי האַמ־לעטס פֿילאָזאָפֿיש־מענטשלעך זיך פֿאַרטיפֿן אין פּראָבלעם פֿון „זיין און נישט זיין", ווי אין אַלע קלאַסישע ווערק פֿון גאָר דער וועלט, אַזוי זענען דעם הויפּט העלדס, מרדכיס, גייסטיקע געראַנגלען, זיי־נע זוכענישן, זיינע קאָנפֿליקטן אונדז נאָענט און אייגן. אין מרדכין, ווי אין אַ שפּיגל פֿון גאַנצן לעבן, זעען מיר זיך אַליין, זעען מיר אונדזער אייגן זיין. מרדכי איז נישט בלויז דער העלד, וואָס דריקט אויס דעם געמיט־צושטאַנד פֿון אַ מענטשן, וואָס האָט געלעבט, איז געווען אַ מיטצייטלער פֿון קאָצקער ר׳ מענדעלע, נאָר ער איז דער העלד פֿון אונדזער נעכטן און אויך פֿון אונדזער מאָרגן. און ווי מרדכי אַזוי איז אויך ר׳ מענדעלע, אַזוי זענען אויך טיילנוויז ר׳ איטשע און ישראל. זייערע אייגנשאַפֿטן פֿון ליבע און שנאה, בטחון און עגאָאיזם, זייער מוט, זייער איינגעעקשנטקייט, זייער אי־דעאַליזם און ערדישקייט, זייערע פֿריידן און ליידן, זענען אייגנ־

שאַפֿטן און איבערלעבונגען, וואָס מענטשן פֿון אַלע צייטן, פֿון אַלע לענדער לעבן דורך. מרדכי איז אַ שטיק אומרו, וואָס פֿאַר־טייטשט דעם סוד, וואָס גיט אַ זינען דעם לעבן. מרדכי, אַ סך אַ העכערע, אַ טורמדיקע פֿיגור ווי אַפּטאָן סינקליירס אַלץ־זעען־דיקער לאַני באַד, וואָס איז דאָ אומעטום און זעט אַלץ און הערט אַלץ, מרדכי, ווי דאַנטע, וואָס ווערט געפֿירט פֿון רוימישן דיכטער ווירגיל, מרדכי איז דאָ, אי אין וואַלד, אי אין פֿעלד, אי ביי די געשמיסענע פויערים אין שטאַל, אי ביים קאָצקער אין הויף, אי אין די פֿאַרבאָרגענע צימערן ביים קאָצקער, וואו די פראַנקיסטי־שע געשלעכט־אָרגיעס קומען פֿאָר. נאָר דאָרט, וואו סינקליירס לאַני באַד איז בלויז אַ פֿליענדיקער קאָרעספּאָנדענט, אַן אַגענט דאָ פֿאַר איין פרעזידענט און דאָ פֿאַר אַן אַנדערן, דאָרט, וואו דאַנטע איז בלויז אַ געפֿירטער, אַ זעער, דאָרט איז מרדכי דער, וואָס נעמט אַליין אַן אַקטיוון אנטייל אין אַלץ, וואָס אין ראָמאַן קומט פֿאָר. ער רעאַגירט אויף אַלע געשעענישן מיט זיין גאַנצן קנויל נערוון, מיט זיין גאַנצער אומרו, ער פֿרייט זיך און ליידט מיט מיט אַלץ, וואָס קומט פֿאָר אין ראָמאַן. און געשעענישן און פּאַסירונגען לויפֿן מיט אַזאַ קינאָמאָטאָגראַפֿישער שנעלקייט, און זענען פֿון אַזאַ טיפֿן, אַלמענטשלעכן אינטערעס, אַז מיר ווערן מיט־געריסן און לויפֿן מיט מרדכין צוזאַמען, פֿרייען זיך מיט אים מיט, און ליידן צוזאַמען מיט אים. פֿון קאַפּיטל צו קאַפּיטל פֿירט אונדז אָפּאַטאָשו מיט אַ געניטער האַנט, מיט אַ שטאַרקער האַנט צום קלימאַקס, צו דער פּטירה פֿון ר' מענדעלע קאָצקער. די קאַפּיט־לעך, ווי טיילן און וואַריאַציעס פֿון אַ סימפֿאָניע, שטייגן אין אַ כּסדרדיקן קרעשענדאָ; עס וויקלען זיך אַקציעס אין אַקציעס, און מיר זענען כּסדר מיטגעריסן, מיר זענען אַלץ מער אַ טייל פֿון די געשעענישן, וואָס קומען פֿאַר פֿאַר אונדזערע אויגן. אַלע מיטלען פֿון קינסטלערישן שאַפֿן נוצט אָפּאַטאָשו כּדי אָנצוהאַלטן אונדזער אינטערעס און שפּאַנונג. ער מאָלט בילדער איינס שענער און ריי־כער פֿאַרן אַנדערן, ער וועבט אַריין וויזיעס פֿון אַ נביאישן טאָן און חלומות, וואָס זענען עקזאָטיש, מיסטיש, סימבאָליש און בעטן זיך אַ פּיתרון; ער ווענדט אָן פֿאַרב און קלאַנג; ער פֿירט אַריין

קבלה און געשיכטע; זיין סטיל ווערט דאָ זאַפּטיק, געשליפֿן; דיין וואָרט איז געקליבן; זיין שפּראַך איז צימצומדיק; זיין זאַץ איז קאָמפּאַקט, אָפּגעהאַקט, פֿול מיט פֿאַראינטריגירטן געדאַנק. און כמעט יעדעס קאַפּיטל אין ראָמאַן איז ווי אַן אָפּגעשלאָסן קעמערל, ווי אַן איינס, וואָס קען אין זיך גאַנצקייט שטיין אויף די אייגענע פֿיס, כאָטש די קאַפּיטלעך, יעדעס פֿאַר זיך, איז עפּעס אַ באַזונדערער נעזאַנג אין פּראָזע, פֿונדעסטוועגן זענען אַלע קאַפּיטלעך אַזוי אַריינגעפּאַסט איינס אין אַנדערן, אַז זיי גיבן דעם איינדרוק ווי זיי וואָלטן געווען פֿאַרשידענע ציגל, פֿאַרשידענע מאָזאַאיקס, וואָס זענען ערגעץ־וואו אויף אַ וואונדערבאַרן אופֿן צוזאַמענגעשמאָלצן געוואָרן.

ווי אין זיין שפּעטערדיקן ווערק „ר׳ עקיבא״ אַזוי ווייזט שוין דעמאָלט אָפּאַטאָשו אַרויס זיין מייסטערשאַפֿט אין שאַפֿן פּרעכטיקע מאָזאַאיקס, פֿון וועלכע ער שטעלט צוזאַמען זיין ראָמאַן־סטרוקטור. כּדי בעסער צו צאַמען זיין האַסטיקייט, כּדי צו באַגרעניצן זיין ווערב, וואָס איז שטענדיק אַקטיוו, באַוועגלעך, פֿאַרויסגייענדיק, שטעלט פֿאַר זיך אָפּאַטאָשו אַוועק דעם צוים פֿון קאַפּיטל. אין די ראַמען פֿון זיין קינסטלערישן איינס קען ער קאָנטראָלירן בעסער זיין אימפּעט, זיין האַסטיקייט. און די איינסן זענען כּמעט פּערפֿעקט אין זייער סטרוקטור, און די איינסן שמעלצן זיך שפּעטער צונויף אין איין גאַנצער זאַך, אין גרעסערן, גאַנצן איינס וואָס איז זיין ווערק.

דער ראָמאַן „אין פּוילישע וועלדער״ איז אַ ביז גאָר וויכטיקער עטאַפּ אין אָפּאַטאָשוס שאַפֿונג־גאַנג. מיט דעם ראָמאַן טרעט אָפּאַטאָשו אַרויס אויף דער אַרענע פֿון דער וועלט־ליטעראַטור. ער ווערט דער קינסטלער, וואָס ווערט געלייענט אין פֿאַרשידענע שפּראַכן, אין אַ צאָל, אַ גרויסע צאָל לענדער פֿון דער וועלט. זיין רום וואַקסט, און זיין לייענער־קרייז ביי יידן דערגרייכט פֿאַנטאַסטישע ציפֿערן.

ווייל צו וועמען אַפּעלירט נישט דער ראָמאַן? און וואָסער געזעלשאַפֿטלעכער קרייז ביי יידן לייענט נישט דעם ראָמאַן?

אין יעדער שטאָט און שטעטל, וואו דער ראָמאַן האָט נאָר דערגרייכט, איז די צאָל לייענער פֿון דעם ווערק געשטיגן פֿון

טאָג צו טאָג. יונג און אַלט, פֿרויען און מענער האָבן געשלונגען די ראָמאַנטיש־רעאַליסטישע באַשרייבונגען און מאַלערייען. צום דורכשניטלעכן לייענער האָבן אַפּעלירט מער מרדכיס אַדיסיאַוס־וואַנדערונגען, זיינע זוכענישן, זיין אומרו, זייך בענקען; די סביבה וואו מרדכי האָט געלעבט, דער וואַלד; פֿאַר מער אינטעליגענטע לייענער איז דער קאָצקער און זייך הויף געווען אי אַ קוואַל פֿון נייע אַנטדעקונגען, אי אַן אַנרעג צו טראַכטן, נאָכצוקלערן. חסידים, די מער וועלטלעכע, האָבן געלייענט און געשטוינט און מתנגדים האָבן הנאה געהאַט און געזאָגט: „נאַט, זעט ווי אייער היעראַרכיע האָט אויסגעזען פֿריער און ווי זי איז מסתּמא היינט". סאָציאַליסטיש־געשטימטע יונגעלייט האָבן אין מרדכין געזען שטיקער „איך" און אַלע האָבן זיך געפֿילט מיטגעריסן מיטן גאַנג פֿון די געשעענישן, וואָס זענען געמאָלן מיט צאַפּלדיקער פרישקייט, מיט קינסטלערישער שלמות. און אַז מ'איז געבליבן שטעקן אין די קאַפּיטלעך תּורה, אַז מ'האָט נישט געקענט „דורכבראָדזשען" די הייסע און טיפֿע וויכּוחים צווישן קאָצקער און ר' איטשען, האָט מען זיך געווענדט נאָך הילף צו אַ יידן אַ למדן, וואָס האָט אַליין אויך ליב געהאַט אַ לייען צו טאָן „די וועלדער", אָדער מ'האָט פֿאַר זיך אַליין עפּעס אַרויסגעלייענט, אַריינגעלייענט דאָס וואָס האָט זיך געדאַכט, אַז אַזוי דאַרף עס מיינען, אַז אַזוי האָט אָפּאַטאָשו געוואָלט מ'זאָל אים פֿאַרשטיין. אַפֿילו אַז מ'האָט גאָרנישט פֿאַר־שטאַנען אין די דאָזיקע קאַפּיטלעך איז מען אויך געווען צופֿרידן. מ'האָט זיך באַנוגנט מיט דער מוזיק פֿון די ווערטער, מיט דער שפּע פֿון שפּראַך, וואָס איז געווען אי עקזאָטיש, אי פֿרעמד־אייגן. ס'איז געווען גענוג וואָס צו לייענען, וואָס צו באַנעמען. ס'איז גע־ווען גענוג לייענשטאָף פֿאַר יעדן מין לייענער אין דעם דאָזיקן ראָמאַן.

אין ראָמאַן „אין פּוילישע וועלדער" האָט אָפּאַטאָשו נישט בלויז זיך אַליין געטאָן אַ הייב צו נייע הייכן, נאָר ער האָט דעם יידישן לייענער מיטגעהויבן מיט זיך. פֿון זיין פֿריערדיקער, כּמעט אונטערוועלט־טעמאַטיק, האָט ער געטאָן אַ שפּרונג צו דער טע־

טאַטיק, וואו די גייסטיקע ריזן פֿון יידישן לעבן פֿאַרנעמען דעם אויבנאָן.

מאַכט נישט אויס, וואָס אַפּאַטאָשו האָט דאָ אויך פּרובירט אַרויספֿירן, האָט אַרויסגעפֿירט די נעגאַטיווע, די דעקאַדענטישע זייט פֿון יענעם גייסטיקן ווינקל. אַפּאַטאָשו האָט נאָך אַלץ געהאַלטן אין צאָלן צינזן דעם פּראָטעסט קעגן די טשאָלנט־ריחות אין דער יידישער ליטעראַטור. ער האָט אין דעם ווערק נאָך אַלץ געפֿירט זיינע לאָגישע חשבונות מיט דער יידישער ליטעראַטור, וואָס האָט ביז אים כסדר אידעאַליזירט אונדזער נעכטן. קעגן אַשס קידוש־השם־יידן, קעגן פּרצעס „צווישן צוויי בערג״, קעגן אַלע, וואָס האָבן בלויז געוואָלט זען די שבת־יום־טובדיקייט אין אַמאָל. אין חסידיזם האָט אַפּאַטאָשו אַרויסגעשטעלט זיין וואָכעדיקייט, זיין ערדישקייט. אויך דאָ, ווי אין פריערדיקע אַרבעטן, האָט אַפּאַטאָשו געוואָלט ווייזן, אַז מענטש איז מענטש, און אַז די פֿונדאַמענטאַלע איינגנשאַפֿטן פֿון מענטש, פֿון וועלכן קלאַס אָדער קאַסטע ער זאָל נאָר נישט קומען, זענען שטענדיק די זעלביקע, אייביקע. נישט נאָר זאַנוול „פּשאַ יוכע״, נישט נאָר שלמה קראַדניק, לילי, פּאָלי, איבי, חוה, שרקהלע פֿון וואַלד, נישט בלויז זיי לאָזן זיך פֿירן פֿון זייערע אינסטינקטן, פֿון זייערע תאוות, נאָר אַפֿילו אויפֿן סאַמע שפּיץ פֿון יידישן לעבן, אַפֿילו דאָרט רעגירן און הערשן די בלוטן פֿון מענטש, די צעיושעטע בלוטן, וואָס טרייבן אין דער אונטערוועלט צו אויסגעלאַסנקייט, צו זנות, צו גנבה.

אין „אויף יענער זייט בריק״ איז די אונטערוועלט געווען דער אויבנאָן. „אין ניו־יאָרקער געטאָ״ איז צו דער אונטערוועלט צו־געקומען דער סתם ניו־יאָרקער ייד און די אַמעריקאַנער רעווע־רענדלעך אַלאַ לעווין; אין „היברו״ איז די יידישע באָהעמע, די פּראָפעסיאָנעלע, די לערערישע געזעלשאַפֿט אַרויסגעפֿירט געוואָרן אויף דער אַרענע אין איר רויער נאַקעטקייט, אין איר ערדיש־קייט; אין „אַליין״ באַגעגענען מיר ווידער די וואַלדיקע היימישע סביבה און אַפּאַטאָשו ווייזט אונדז דאָס הויז פֿון לומדות, פֿון יידישער אַריסטאָקראַטיע און עשירות, ווייזט אונדז, אַז אויך דאָרט איז שרקהלע נישט מער ווי אַ מענטש, אַ מענטש ווי ראזא, ווי

לילי, ווי שלמה קראַדניק, נאָר אין אַן אַנדער פֿאַרשלייערטער בחינה; „אין פוילישע וועלדער" ווערן מיר אַריינגעפֿירט אין די פֿאַרבאָרגענע קאַמערן נישט בלויז פֿון קאַצקער, וואָס זיצט אַ קרענקלעכער און שעלט די וועלט און רופֿט אויס, אַז זי שטינקט, די מענטשן שטינקען און זיינע חסידים זענען שטינקערס נאָר אָפּאַ־טאָשו פֿירט אונדז אויך אַריין אין די קעמערלעך, וואו דעם רבינס אידעמס און טעכטער פֿירן דורך געשלעכטלעכע אָרגיעס, וואָס כאָטש זיי זענען פֿאַרשלייערט אין סימבאָליק, זענען זיי אין תּוך נישט בעסער, נישט ריינער און געלייטערטער ווי די סעק־סועלע מאַניפֿעסטאַציעס זענען ביי מאָרריסן, ביי פּרידקינען, ביי לילין, ביי זאַנוולען און ביי שרקהלען.

ס'איז נישט וויכטיק דאָ צי די ווערק זענען כראָנאָלאָגיש געשריבן אַזוי, אַז דער אָנהייב זאָל זיין בלויז אונטערוועלט און דער סוף זאָל פֿאַרקומען גראָד אין די אָפּגעשלאָסענע ווינקלען, וואו עס וואוינט די ידישע גייסטיקע היעראַרכיע. ס'איז אויך נישט וויכטיק צי אָפּאַטאָשו האָט דידאַזיקע בהדרגהדיקייט די־רעקט געפּלאַנירט, צי ער האָט מיט אַ כיוון אַזוי געצויגן די ליניע פֿון אונטן אַרויף, פֿון זאַנוולען אַזש ביז קאַצקער הויף. דער פּלאַן, אָפּאַטאָשוס אידייאישער איינשטעל, דאַרף דאָ נישט קומען אין באַטראַכט. דער קינסטלער מוז נישט שטענדיק נאָכפֿאָלגן זיין אי־דייאישן איינשטעל אין אַ גראַדער ליניע. ער מעג זיין זיג־זאַגיש אין זיין טעמאַטיק. ער קאָן מאָמענטווייז אויך אָפּווייכן פֿון זיין ליניע און זיך איבערטראָגן אין נייע, זייטיקע ווינקלען און פֿון דאָרט אונדז געבן שטיקער צאַפּלענדיק לעבן, וואָס קאָן אָפּט זיין אין קאָנטראַסט צו דעם, וואָס ער האָט בדעה צו מאָלן. ס'איז אויך נישט וויכטיק, אַז די שטייגערישקייט פֿון זיין קינסטלערישער אויפֿ־גאַבע, זאָל זיין טרעפּלדיק־באַרגאַרויפֿיק. און אפֿשר איז גאָר אַפּילו נישט נייטיק צו וויסן צי דער קינסטלער האָט גאָר געוואָלט אונדז פֿירן פֿאַר דער האַנט און אונדז ווייזן, וואָס עס טוט זיך אין יעדן ווינקל, אָנהייבנדיק פֿון דער אונטערוועלט ביז דער גייסטיקער אַריסטאָקראַטיע. וויכטיק איז, אַז ער מאָלט שטיקער לעבן, און דער סינטעז פֿון די געמאָלערייען באַשאַפֿט אַזאַ בילד, אַזאַ געמאָל, וואָס

איז אין זיין גאַנצקייט אַ קווער־שניט פֿון גאַנצן פֿאָלק, אָנהייבנ־דיק פֿון אונטן ביזן סאַמע שפּיץ באַרג.

דער ויתרוצצו אין אָפּאַטאָשון, די צוויי ירושות, די צוויי שטראָמען בלוט אין זיינע אָדערן, דאָס ערדיש־רעאַליסטישע און דערהויבן־ראָמאַנטישע אין אים, דער געראַנגל פֿון קאָנטראַסטן אין זיין קינסטלערישער פּסיכיק, אָט־די אייגנשאַפֿטן זיינע האָבן זיך שטענדיק געלאָזט מערקן אין זיין שאַפֿן. נישט מער נאָר ער האָט איינעם פֿון זיינע איכן פֿאַרטייעט אין זיך, אים נישט געלאָזט פֿאַרנעמען דעם אָרט וואָס איז אים געקומען. אָפּאַטאָשו האָט גע־געבן פּריאָריטעט אין זיין שאַפֿן בלויז דעם „איך" וואָס וואָרצלט אין זיידנס דאָרפֿישקייט, וואָס ציט די יניקה פֿון יענער סביבה, וואו פּראָסטער ייד, עם הארץ, וואו פֿערד־הענדלער און פֿערד־גנב, וואו אונטערוועלט האָט געוועלטיקט. אָפּאַטאָשון האָט געצויגן צו יענער סביבה, ווייל פֿון יענער סביבה האָט ער געקענט שעפּן מאַטעריאַלן פֿאַר זיין פּראָטעסט־אַרויסטריט אין דער יידישער לי־טעראַטור, ווייל מיטן נוצן יענעם שטאָף פֿאַר זיינע שאַפֿונג־מאָ־דעלן האָט ער געקענט זיין אַנדערש, ניי, פֿריש. מיט זיינע אונ־טערוועלט פּערסאָנאַזשן איז ער אויפֿגעטרעטן אויף דער ליטע־ראַרישער אַרענע און ער האָט געהאַט אַ געפֿיל, אַז ער וועט מיט די דאָזיקע פֿאַרשוינען, מיט זייער סביבה צוטראָגן עפּעס אַן אינ־דיווידועל־אייגן קאַפּיטל צו דער יידישער ליטעראַרישער טעמאַ־טיק. ער האָט טאַקע דעם בייטראָג געמאַכט, אָבער ס'איז אים נישט באַשערט געווען צו דערגרייכן אויף דער דאָזיקער אונטערוועלט טעמאַטיק נישט די קינסטלערישע שלימות, נישט די דערהוי־בענע טיפֿקייט, וואָס ער האָט דערגרייכט אין זיינע שפּעטערדיקע ווערק. די העלדן און די סביבה פֿון זיין ערדיש־רעאַ־ליסטישער, פֿון זיין דאָרף־זיידנס ירושה האָבן אין זייער עצם זיין נישט פֿאַרמאָגט אין זיך די עלעמענטן פֿון דערהויבנקייט, פֿון גייסטיקער טיפֿקייט. זיי האָט אָפּאַטאָשו געקאָנט מאָלן מער אין דער ברייט ווי אין דער טיף, מער אין דער פֿלאַך ווי אין דער הייך. ער האָט זיי געמאָלן מיט אַלע חושים פֿון אַן עכטן קינסטלער, ער האָט נישט געשפּאָרט קיין מי זיי אַרויסצוברענגען אין זייער

פולער גאַנצקייט, אין זייער ערדישער פולבלוטיקייט. נאָר אַפילו גאַנצערהייט זענען זיי געבליבן נישט מער ווי דאָס, וואָס זיי זענען אין לעבן געווען. אפּאַטאָשו האָט זיך געטוליעט צו זיי, האָט זיך געחברט מיט זיי אַזוי לאַנג ווי דער פּראָטעסט־געפּיל קעגן איינגעשטעלטן נוסח אין דער יידישער ליטעראַטור האָט נאָך געטליעט אין אים. אַזוי לאַנג, ווי ער האָט נאָך אין זיי געפונען די עלעמענטן פון שאַפן, וואָס האָבן זיין אַנדערשקייט צוגעגעבן אי קאָליר, אי שטאַרקייט. אָבער אַפילו דעמאָלט, שוין אין יענער צייט פון פּראָטעסט, האָט דעם טאַטנס ירושה אין אים נישט געשוויגן. ער האָט דעם דאַרפס־ייד געטריבן צום אויבנאָן פון זיין שאַפן און אין דער שטיל האָט דער טאַטע זיך פאַרגנבעט און האָט דעם זון איינגערוימט אַ סוד אין אויער: „יוסף, וואו בין איך? וואו זענען מיינע טאַטעס, דיינע זיידעס, וואָס קערן זיך גאַרנישט אָן מיט דיין מאָדנעם וועלטל, אויף וואָס דו לייגסט אַוועק אַזוי פיל שעפערישע כוחות, כוחות, וואָס שטאַמען בירושה גאָר פון מיין צד און נישט פון יענעם זיידנס צד, פון זיידן, וואָס האָט זיך גערימט, אַז ער קען זיך נישט אונטערשרייבן".

אין מיטן גאַנג האָט אפּאַטאָשו נישט איינמאָל זיך אָפּגעשטעלט, אַ וואָרף געטאָן אַ בליק צום טאַטנס זייט און האָט שטיל און אפשר פאַרשעמט אַ זאָג געטאָן: „נו, האַ, מה נאה אילון זה!" ביין נישט נאָר אַ קוק געטאָן, אפּאַטאָשו האָט אויך פון טאַטנס סוד אַ כאַפּ געטאָן אַ שיינע פּאָר בילדער. אויך ביים טאַטן האָט ער גענומען קערנדלעך, האָט זיי פאַרזייט, זיי באַפּרוכפּערט און האָט פון זיי געשאַפן פלאַנצן, פּירות, וואָס ווען ער האָט זיי פאַרזוכט, ווען מיר האָבן זיי טועם געווען האָבן מיר אַלע געזען, אַז זיי זענען זאַפטיק, רייף, געשמאַק.

אפּאַטאָשו האָט אַפילו אין זיין ערדיש־רעאַליסטישן פּראָטעסט־בעריאַד נישט פאַרזען אינגאַנצן, אַז חוץ בערל בעל־עגלה, חוץ שלמה קראַדניק איז אויך דאָ אַ ר' טוביה, אַ סראָצקער און קוטנער רב, אַז אויך זיי, און אפשר טאַקע זיי זענען דער שטאָף פון וועלכן זיינע קינסטלערישע פעאיקייטן קענען באַשאַפן פערלדיקע

װערק, װאָס װעלן אפֿשר נישט זײַן אַזױ אַנדערש װי די שטאָפֿן, װאָס ער האָט דעמאָלט אַזױ אָפֿט גענוצט, דערפֿאַר װעלן זײ אָבער זײַן װאָרצלדיקער, רײַכער, טיפֿער. ער האָט פֿון צײַט צו צײַט פֿאַרגעסן זײַן פּראָטעסט און אין אַ מאָמענט פֿון בענקשאַפֿט נאָכן אַמאָל האָט ער זיך אַװעקגעזעצט און האָט אָפּגעמאָלן אַ בילד פֿון װעלכן עס קוקן אַראָפּ מיט ליכטיק־לױטערע, מיט קלוגע אױגן, דאָ אַ ר׳ יהושעלע קוטנער, דאָ אַ ר׳ אברהמל טשעכאַנאָװער, און דאָ אַ ר׳ טוביהלע. עס האָט זיך אַרײַנגעגנבֿעט אין זײדנס װאָכעדיקײט דעם טאַטנס אַ שטיק שבתדיקע הײליקײט; אָבער ביז „אין די פּױלישע װעלדער״ האָט מען אין אָפּאַטאָשוס שאַפֿן געזען פּראָפּאָרציאָנעל גאָר װײניק אי דעם טאַטן, אי אָפּאַטאָשון אַלײן, אָפּאַטאָשון, דעם טאַטנס זון.

אַװדאי איז טײלװײַז אָפּאַטאָשו אַלײן געװען אין אַלץ, װאָס ער האָט געשאַפֿן ביז „אין די פּױלישע װעלדער״. דער קינסטלער קאָן זיך נישט באַהאַלטן, קען זײַן „איך״ נישט אַרױסרײַסן אַפֿילו פֿון דער מינדסטער שאַפֿונג זײַנער. זײַן „איך״ קען דורכגײן פֿאַרשידענע גײַסטיקע גלגולים, קען זיך פֿיזיש בײַטן דאָ און דאָרט, אָבער אַ שמץ פֿון זײַן אינדיװידואַליטעט איז דאָ אין כמעט יעדן העלד, װאָס ער שאַפֿט און פֿירט אַרױס פֿאַר אונדז. אָבער ביז „אין פּױלישע װעלדער״ האָט זיך אָפּאַטאָשו דער מענטש פֿאַר אונדז נישט אַנטפּלעקט אַזױ בולט, אַזױ קלאָר, אַזױ פּלאַסטיש און פּסיכיש גאַנץ אין זײַן צעריסנקײט און אומגאַנצקײט, װי ער דערשײַנט פֿאַר אונדז אין דעם ראָמאַן. נישט בלױז לאָזט ער דאָ צו דעם טאַטנס ירושה צום אױבנאָן פֿון זײַן שאַפֿערישן שטענדער, נאָר ער אַלײן, ער, װאָס האָט זיך פּרובירט באַהאַלטן הינטער די ברײטע פּלײצעס פֿון זײַנע מגושמדיקע דאָרפֿס־ייִדן, פֿערד־גנבֿים און קונצנמאַכערס, אָפּאַטאָשו אַלײן דערשײַנט פֿאַר אונדז אין זײַן פֿולער אײַנגעװאָרצלטקײט, אין זײַן דורותדיקער ירושה פֿון תּורה און חכמה, פֿון בענקעניש און אומרו, פֿון שטענדיקן זוכן, פֿון גײַסטיקן געראַנגל. מרדכי, דער הױפּט־העלד פֿון ראָמאַן „אין פּױלישע װעלדער״, מרדכי־אָפּאַטאָשו קומט צוריק צו זיך אַהײם, צום טאַטן אַהײם. ער קומט אַ געלײַטערטער, אַ געזעטיקטער מיט פּראָ־

טעסט; ער קומט איצט אַ הונגעריקער און דאָרשטיקער, וואָס לאָזט זיך צו צום טאַטנס ירושה און שעפּט פון איר צעבערס שאַפונג־שטאָפן, וואָס גיבן מיטאַמאָל אַ גוואַלדיקן הויב זיין קינסטלערישן ניוואָ, וואָס סטימולירן אויפסניי זיינע שאַפונג־כּוחות און גיבן זיי אי ברייטקייט, אי טיפקייט, אי דערהויבנקייט. דעם טאַטנס שטימע האָט זיך אַ הייב געטאָן איבערן זיידנס; אָפּאַטאָשו איז צו צום קוואַל און ער האָט נישט געהאַט בדעה אַוועקצוגיין. ער האָט זיך פון דעם מאָמענט אָן געווידמעט כּמעט אויסשליסלעך צום טאַטנס ירושה, צו זיך אַליין, און דאָס בעסטע, וואָס ער האָט אין דער צוקונפט געהאַלטן ביים שאַפן, וועט זיין באַזירט הויפּטזעכלעך אויף דער ירושה. ער וועט נאָך פון צייט צו צייט אָפּווייכן פון טאַטנס דרכים, אָבער ער וועט פון יענעם מאָמענט אָן, פון דער צייט, ווען דער שטאָף פון „אין פוילישע וועלדער" האָט אים באַגוועלטיקט, וועט ער הערן דעם זיידנס רופן אַזוי זעלטן און אַזוי שוואַך, ווי ער האָט אַמאָל געהערט דעם טאַטנס סוד; זיין וועג איז איצט אָנגעצייכנט, זיין גאַנג איז זיכער. מעג ער אין קאָצקער הויף זען דעקאַדענץ; קען ער נאָך אַפילו דאָרט פּרובירן זען אי אונטערוועלטישע־ערדישקייט, אי מענטשלעך־וואָכעדיקע, קראַדניק־לילי־תאוותדיקייט, דער רעזולטאַט וועט זיין סיי־ווי־סיי דערהויבנקייט און שבתדיקייט, ווייל דאָ איז שוין יוסף אָפּאַטאָשו, דעם טאַטנס אַ זון, דער קינסטלער, וואָס זעט מיט פאַרוואָרצלטע ירושה־אויגן, מיט אויגן וואָס זענען אָפן, וואָס זען נישט מיט פּראָטעסט, נאָר מיט בענקשאַפט, מיט בטחון, מיט אמונה, מיט פיין און ווייַ.

אָפּאַטאָשו וועט די קאָצקער דעקאַדענץ שוין נישט מאָלן מער מיטן געדאַנק: „כ'האָב אייך געזאָגט, אַז אַזוי איז עס" און ער וועט מאַכן דעם אָנשטעל דערביי, אַז ער האָט הנאה פון דער דעקאַדענץ, נאָר אין מאָלן די דעקאַדענץ וועט דאָס בילד זיין געמאָלן מיט די פאַרבן פון זיין אייגן בלוט, מיט ווייטיק און פאַרדראָס. קאָצק איז טאַקע פאַרדאָרבן, אַזוי זעט קאָצק אויס, מען מוז זיין אמת צו זיך אַליין, אָבער אין קאָצק איז חוץ פאַרדאָרבנקייט און דעקאַדענץ אויך דאָ אַ ישראל דער באָרוועסער און דער עיקר, ס'איז דאָ אַ ר' איטשע. און ר' איטשע וועט ווערן אָפּאַטאָשוס אָנהאַלט און

אינהאַלט. ער וועט אים מיט זיך פֿירן, זיך גרייסן מיט אים אי אין דער „טענצערין", אי אויף גאַריק סטריט אין שטיבל, אי אין אַנדערע בחינות. און ווייל אָפּאַטאָשו האָט אָנגעהויבן צו נוצן זיינע איינגעוואָרצלטע ירושה־שטאָפֿן, דערפֿאַר גיט זיך אים איין צום ערשטן מאָל צו שאַפֿן טורעמדיקע געשטאַלטן, וואָס קריצן זיך איין אין זיכּרון, וואָס זענען ריזיק־גרויס אין זייער פֿאַרנעם און פֿאַרגלייך מיט אַלע פֿאַרשוינען, וואָס ער האָט געמאָלן, אין די ווערק ביז „אין פּוילישע וועלדער".

מרדכי דער מענטש, דער זוכער, דער אומרו טורעמט איבער אַלע כאַראַקטערן, און בלויז דער קאָצקער אַליין, בלויז ר' מענדעלע שטייגט אים איבער אין טיפֿקייט, אָבער נישט אין פֿאַרבנרייכקייט. און לעבן זיי, אויף אַ הויכן פּעדעסטאַל, שטייען ר' איטשע און ישראל, און אַרום זיי זענען דאָ גאַנצע גאַלעריעס מענטשן, וואָס זענען פֿולסירנדיק, לעבעדיק, שטאַרק געצייכנט.

מרדכין זעען מיר אומעטום, מיר לעבן מיט אים; מיר ליידן מיט אים; ער איז אַ צאַפּלענדיקע פֿיגור, וואָס רייסט אונדז מיט מיט זיין שטראָם געדאַנקען, פֿילט אונדז אָן מיט זיין אומרו און שלעפּט אונדז מיט אויף זיינע זוכעניש־וועגן.

אַפֿילו דער סטיל פֿון אָפּאַטאָשוס שרייבן זעט דאָ אויס אַנדערש; שטאַרקערע קאָמפּאַקטע זאַצן, זאַפֿטיקייט און קלינגענדיקייט פֿון וואָרט; לירישקייט פֿון טאָן; נישטאָ די באַרעדעוודיקייט פֿון ראָמאַן „אַליין". זעלטן ווען מ'קען דאָ געפֿינען אַזעלכע זאַצן, ווי אין „ביו יאָרקער געטאָ": „זיין קליינער באַוואקסענער ביז אין דער העלפֿט מיט האָר שטערן /71/, "אָפּגעשאָסענע פֿון אַלטקייט טאַשמעס" /100/, אָדער אַזעלכע זאַצן ווי אין ראָמאַן „היברו": „האָבן מידע פֿון דער היץ פֿאַרלעך זיך געשלעפּט" /ז. 43/; „האָט זיין פֿאַרוואקסן מיט זשאַוועך האָריץ" /ז. 44/.

מיט זעלטענער אָפּגעהיטקייט קלייבט אָפּאַטאָשו זיין וואָרט, מעסט און וועגט עס, הערט זיך צו צום קלאַנג פֿון די זילבן און ווי דער פֿראַנצויזישער פּראָזע־מייסטער, פֿלאָבערט, יאָגט ער זיך נאָך יעדן איבעריקן וואָרט, נאָך יעדן וואָרט, וואָס חזרט זיך איבער און שטעלט אַריין אַ ניי, אַ מער פּאַסיק וואָרט. ער שפּאַנט איין

זיינע אַלע שאַפונג־כּוחות, זיין גאַנצן טאַלאַנט, זיין קינסטלערישע אחריות, כּדי די אַרבעט זאָל אַרויסקומען אַזוי נאָענט צו פּערפעק־ציע ווי מעגלעך.

דאָס פּרעקטיקע קאַפּיטל מרדכיס יחוס, די דאַזיקע עפּאָפּייע, גיט אונדז די גאַראַנטיע, אַז אַפּאַטאָשו־מרדכי וועט דאָ נישט שפּאָרן קיין מי כּדי דעם ראָמאַן, וואו ער אַליין איז דער הויפּט־העלד, צו דערהויבן צו דער הייך אויף וועלכער ער דאַרף שטיין. די זייט־באַמערקונג, וואָס אַפּאַטאָשו מאַכט בעת ער מאָלט פאַר אונדז די ערלעך־עקזאָלטירטע געשטאַלט פון ר' איטשע מקובל, די באַמערקונג „די יידן זעט מען נישט מער, זיי האָבן זיך באַוויזן מיט חסידות" /ז. 47/, דער דאָזיקער זאַג, שלאָגט אָן דעם טאָן פון אַפּאַטאָשוס צוגאַנג אי צום ווערק אי צו די העלדן. דאָ איז דאָ פּיעטעט, בענקשאַפט, טיפער דרך־ארץ, וואָס וועט געפינען אַן עכאָ, און מער ווי אַן עכאָ, אין שפּעטערדיקן אַפּאַטאָשו. און די שפּעטערדיקע קאַפּיטלעך, ספּעציעל די קאַפּיטלעך וועגן קאָצ־קער, זענען די וואָס פירן פאַר אונדז אַרויס אַפּאַטאָשון דעם תּלמוד־חכם, דעם בעל תּורה, דעם סטודענט־מתמיד און פאָרשער פון פאַרשידענע צווייגן פון יידישן וויסן, פון קבלה, הלכה, אגדה און געשיכטע.

מרדכי־אַפּאַטאָשו, ווי דער גייער מנחם באַריישאָ, זענען מאָדערנע אָדיסעאוסן, וואָס לאָזן זיך אַרויס אויף די ברייטע שליאַכן פון דער וועלט צו זוכן אַ תּיקון פאַר זייער אינערלעכער צעריסנ־קייט. אָדיסעאוס האָט געזוכט דעם וועג צו זיך אַהיים, צו זיין פיזישער היים און זיינע וואַנדערונגען זענען געווען אין צייט און רוים; מרדכי זוכט אויך אַ היים, ער זוכט אַ גייסטיקע היים; אַ ווינקל, וואו ער זאָל קענען געפינען רו, וואו ער זאָל קענען איינ־שטילן, באַרואיקן דעם גייסטיקן שטורעם, דעם געראַנגל, וואָס קומט אין אים פאָר. מרדכי, דער גייער פון ניינצטן יאָר הונדערט, איז אַ נאָענטער קרוב פון באַריישאָס „גייער", וואָס האָט נאָך אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט נישט געפונען קיין אָרט, וואו ער זאָל קענען אַנקערן זיין צעשטורעמטע שיף, וואָס ווערט אומאויפהער־לעך געטרייסלט אויף די כוואַליע־רוקנס פון אידייען־ים, וואָס

בּרויזט אין אים. מרדכי קען זיך נאָך אַפילו נישט אָנשפּאַרן אויף קיין איין ווילע אין דער אידייע פון סאָציאַליזם, אין ציוניזם, ווי זיין גייסטיקער ברודער פון הונדערט יאָר שפּעטער, ווי דער „גייער" האָט זיך פּרובירט אָנשפּאַרן. דער „גייער" האָט אין בּוזעם פון די ניי־אַנטוויקלטע אידעאָלאָגיעס אויך קיין רו נישט געפונען, ווי מרדכי האָט נישט געקענט געפינען קיין טרייסט פאַר זיין צעוואונדיקטער נשמה אין קאָצקער הויף. מרדכין האָט געצויגן אין קאָצקער הויף אַריין, ווייל אין יענער צייט איז דער חסידיזם נאָך געווען, האָט נאָך געדאַרפט זיין, אין זיין בּליפּעריאָד. אָבער וואָסערע שווידערלעכע אַנטוישונגען ס'האָבּן מרדכין דערוואַרט אינעם ציטאַדעל פון חסידיזם! ער איז געקומען זוכן אַ גייסטיקן אַפּרוחינקל, און האָט געטראָפן אַ פעסטונג, וואָס ליגט שוין בּאַלד אין רואינען. אמת, די עקזאַלטירטע, שוין קראַנקע, פּערזענלעכקייט ר' מענדעלע, שפּאַנט נאָך אַרום מיט שגעונדיקע טריט איבּער די רואינען, און זיין קול, ווי אַן עכאָ פון אַמאָליקער גלאָריע, טראָגט זיך נאָך שטאַרק און מעכטיק איבּער די חורבות. אמת איז, אַז עס זענען נאָך דאָ צווישן די בּערג חורבות די צוויי גייסטיקע ריי־טער ישראל און ר' איטשע, וואָס טוען פון צייט צו צייט אַ בּאַ־שטראַל מיט זייער תּמימות דעם חורבּן אַרום, אָבער גראָד זייער זיין, זייער צעשטראַלטקייט, אַקצענטירט און שטרייכט נאָך שטאַרקער אונטער דעם פאַקט, אַז די מעכטיקע פעסטונג פון חסידיזם האַלט שוין בּיים צעפאַלן, ניין, איז שוין אין אַ צושטאַנד, וואו נישט בּלויז דער פונדאַמענט, די עצם אידייע פון חסידיזם, נאָר אַפילו די ווענט, די חסידישע וועלט, די חסידים אַליין זענען שוין דורכגעפוילט און פאַרדאַרבּן, ווי פאַרדאַרבּן ס'איז ר' מענדעלעס הויז־געזינד, זיין נאָענט־אייגענער קרייז.

מרדכי איז געקומען צום קאָצקער מיט אַ בּאַרג ספקות אויף זיינע פּלייצעס און ער האָט דאָרט געזוכט אינהאַלט, געזוכט אַן אָנשפּאַר און געטראָפן האָט ער דעם קאָצקער אַליין זיך טרינקען אין אַ ים ספקות. און מיט וואָסער ווייטיק מרדכי־אַפּאַטאָשו קוקט זיך צו, זעט, הערט און בּאַנעמט דעם קאָצקערס אינעווייניקסטן גייסטיקן געראַנגל! ווי דערשלאָגן, ווי צעפּייניקט ער איז עס, ווען

ער זעט פֿאַר זיך די טראַגישע פֿיגור פֿון דעם, וואָס דאַרף זיין דער זייל פֿון חסידות, דער גייסטיקער פֿירער פֿון אַ דור, פֿון דורות, דער יורש און פֿאַרזעצער פֿון די געלייטערטע אידייען און דערהויבענע אידעאַלן פֿון בעש"ט!

מרדכי אין קאָצקער הויף איז נישט יענער אַפּאַטאַשו, וואָס איז געקומען פּראָטעסטירן קעגן דער איבערטריבענער התלהבות, קעגן דער ראָמאַנטיש־פֿאַרשבתדיקטער ידישער ליטעראַטור, וואָס האָט געוואָלט זען בלויז דעם יום־טוב אין חסידות, אין זיינע פּירערס. נישטאָ קיין פּראָטעסט אין מרדכין ווען ער איז אין קאָצקער הויף. אנשטאט פּראָטעסט האָט אַ טיפֿע בענקשאַפֿט אים געצויגן און געבראַכט אַהין. מרדכי איז שוין דעמאָלט, ווען ער לאָזט זיך אַוועק אין הויף אַריין, גרייט צו פֿאָלגן דעם רוף פֿון טאַטנס שטימע; די גייסטיקע ירושה פֿון טאַטן האָט שוין די אויבערהאַנט איבער מרדכי־אַפּאַטאַשוס קינסטלערישן געמיט. אָבער אנשטאט צו קומען אַהין, זען און פֿאַרזען, זען און בלויז פֿאַרצייכענען דאָס, וואָס פֿריערדיקע שרייבערס פֿאַר אים האָבן שוין געטאָן, אנשטאט צו ווערן אַ שטימע אינעם כאָר פֿון די וואָס זינגען שירים ותשבחות צו דער אידייען־וועלט פֿון חסידות און צו זייערע פֿירערס, קלייבט מרדכי אויס דעם אמת; ער שלאָגט אָן אַ נייעם טאָן, אַ דיסהאַרמאָנישן טאָן, אַ טאָן פֿון ערדישן־רעאַליזם; דאָס וואָס ער האָט דאָרט געזען, דאָס וועט ער דערציילן, דערציילן אָן ראָמאַנטישע פֿאַרפּוצונגען, דערציילן אַפֿילו עס זאָל ווי טאָן, ווייל קינסטלערישער אמת שטייט העכער ווי סתם ראָמאַנטיק, ווי אויסגעחלומטער, צוגעטראַכטער שלייער פֿון פֿאַנטאַסטישער איבערגעטריבנקייט.

און באמת, ווי אַזוי קען מרדכי זיך דערלויבן צו טראַכטן ראָמאַנטיש וועגן קאָצקער און זיין הויף, ווען ער זעט פֿאַר זיך אָט־דעם געוועזענעם גייסטיקן ריז, וואָס האָט זיך אַליין פֿאַרמשפּט צו איביקער תּפֿיסה? ווען ער זעט אָט־דעם אַפּאָסטאָל פֿון ליבע, פֿון אהבת ישראל, שטיין פֿאַר אָן עדה צעבראָכענע, קראַנקע, דערשלאָגענע חסידים־שעפֿעלעך, וואָס בעטן מיט רחמים: ער, זייער מנהיג, זאָל זיי העלפֿן, ווען ער הערט ווי ר' מענדעלען שעלט זיי

מיט טויטע קללות, טרייבט זיי פֿון זיך מיט שטעקנס? ווען ער זעט, אַז דער דאָזיקער ר׳ מענדעלע איז גאָר געוואָרן פֿאַרוואַנדלט אין אַן אכזריותדיקן מיזאַנטראָפּ? אמת איז, אַז מרדכי פֿאַרשטייט פֿון וואַנען די דאָזיקע מיזאַנטראָפּיע, די ביטערניש קומט. ער הערט ר׳ מענדעלעס יאָמערדיקן קול, דעם קול פֿון אַ גרויסן גייסטיקן פּי־רער, וואָס ווערט צעריסן פֿון ספֿקות. ווען דער באַרוועסער ישראל, ישראל דאָס געוויסן פֿון קאָצקער, ווען ישראל טוט אַ פּײַנלעכן געשריי: „קאָצקער רבי, טו תשובה!״ הערט מרדכי אין ישראלס שטימע דאָס מוראדיקע שאַלן פֿון טרומייטן, וואָס זאָגן אָן, אַז די לעצטע פֿאַרטן פֿון חסידות־פֿעסטונג האַלטן ביים פֿאַלן. און מרדכי ווייסט שוין, אַז אנשטאט רו וועט ער אין קאָצקער הויף נאָך געפֿינען מער צעטומלטקייט און אומרו פֿאַר זיין זוכנדיקן, צעריסענעם איך. אויב דער קאָצקער אַליין דאַרף תשובה טאָן, אויב ער איז נישט זיכער מיט זיך, טאָ ווי קען מרדכי ביי אים זוכן אַן אָנשפּאַר? און וואָס לענגער מרדכי בלייבט אין הויף, וואָס מער ער הערט זיך צו צו ר׳ מענדעלען, צו ישראלן, קוקט זיך צו צו ר׳ איטשען, אַלץ אומעטיקער ווערט אים, אַלץ מער צעשטורעמט זיך אין אים זיין אייגענע אומרו. דאָס שטערט אים אָבער נישט, אַז ער זאָל דערווייל קינסטלעריש באַנעמען די טראַגישע פּיגור פֿון ר׳ מענדעלען. אין זיין גאַנצער צעריסנקייט בלייבט ר׳ מענ־דעלע אַ מענטש, וואָס לידט, וואָס ווערט צעפּייניקט אי פֿון פֿאַר־דראָס, פֿאַרוואָס מ׳הערט זיך מער צו אים נישט צו, אי פֿון באמת מענטשלעכער קנאה, ווען דער באַרוועסער ישראל הייסט אים זיך אָפּזאָגן פֿון זיין פּירערשאַפֿט, הייסט אים אָפּטרעטן זיין „שטול״ ר׳ איטשען. מרדכי־אַפּאַטאָשו זעט ווי דעם קאָצקערס מאָס פֿון בי־טערקייט ווערט איבערגעפֿולט אין דעם דאָזיקן מאָמענט, אין מאָ־מענט, ווען ישראל דערקלערט אים אָפֿן, אַז ער איז מער נישט ראוי צו זיין דער מנהיג פֿון זיינע חסידים: „נעמט איך איטשען און גייט צו אַלדע שוואַרץ יאָר!״ יאָמערט אַרויס אַ קראַנקער וויטיק פֿון ר׳ מענדעלעס האַרץ און מרדכי שטייט דערביי און מיר זעען ממש, ווי די אויגן זעגען ביי אים פֿייכט און רויט. מרדכי זעט דאָ פֿאַר זיך אַ ר׳ מענדעלע, וואָס איז ערדיש, מענטשלעך, וואָס ווערט

אים איצט נאָענט, ליב, ליב צוליב זיינע ספקות, נאָענט צוליב זיינע גייסטיקע יסורים. אנשטאט דאָס געשטאַלט פון ר' מענדעלען זאָל פאַלן אין זיינע אויגן צוליב דעם, וואָס ער איז נישט מער דער ר' מענדעלע, צו וועמען מרדכי איז געקומען זוכן אַ גייסטיקן אָנשפּאַר, וואַקסט ר' מענדעלע אויס בײַ מרדכין אין די אויגן צו נייע, אין־סופיקע הייכן. אין ר' מענדעלעס געפּאַלנקייט דערזעט מרדכי זיין דערהויבנקייט, און אין קאָצקערס „סאַליליקווי", אין זיין שעפּטשען צו זיך אַליין: „וואָלט מען כאָטש זיכער געווען, אַז מ'וועט דאָרטן שמייסן", הערט מרדכי אַן עכאָ פון זיין אייגענער אומזיכערקייט, פון זיין אייגענעם גייסטיקן געראַנגל און אויף אַזאַ אופן ווערט ר' מענדעלע זיין גייסטיקער חבר, זיין חבר אין פּיין און אין ליידן. און אויב אַ חבר, אַרט שוין נישט מרדכין, וואָס זיין זיין אין הויף וועט אים שוין מער קיין נוצן נישט ברענגען, וואָס מיט זיין בלייבן לעבן ר' מענדעלען וועט ער שוין מער קיין רו פאַר זיין צעפּיבערטן מוח נישט קריגן. ס'איז אַ חוב צו זיין צוזאַמען מיט אַ חבר אין ליידן; מ'טאָר נישט אַנטלויפן פון אַ חבר אין נויט. בלייבט מרדכי, ער בלייבט ביזן סוף און אַפּאַטאַשו פירט דעם ראָמאַן מיט אַ מייס־טערהאַפטער האַנט, פירט אים אָרקעסטראַל, רירט אָן העכערע און אַלץ העכערע אָקאָרדן אַזוי, אַז ס'דאַכט זיך, אַז די סטרונעס וועלן פּלאַצן. און מרדכי זעט, ווי זיין חבר, דער קאָצקער, צע־רייסט, צעפליקט אַלע זיינע חיבורים, וואָס אויף זיי האָט ער זיך אָפּגעמאַטערט אַ גאַנץ לעבן, חיבורים, וואו עס ליגן די שענסטע פרוכטן פון זיין גייסטיקן שאַפן; ר' מענדעלע צערייסט אַלץ, שיקט אַלץ, אַלע זיינע אידייען אַוועק מיטן ווינט און ציט אונטער אַ טראַגישן סך־הכל פון זיין גאַנצער מי און זוכעניש: „די וועלט שטינקט... דער מענטש איז אַ שטינקער". דאָס איז זיין טראַגישער שלוס, דאָס איז דער רעזולטאַט פון זיינע אַלע יאָרן טראַכטן, דענ־קען און פאָרשן, פון זיין פּרובירן געפינען אַ זין אין לעבן. און אויב דער מענטש איז אַ שטינקער איז שוין קיין וואונדער נישט וואָס דער קאָצקער קען, מיט אַ כמעט־רעזיגנירטער גלייכגילטיקייט, האָבן אַ געדאַנק, אַז ווען מ'וואָלט אים איצט געהייסן אָנהייבן פון אָנהויב, ווערן יונג און זיין פירער, ווי ער איז אַמאָל געווען, וואָלט

ער אַלע זיינע חסידישע יונגעלייט געהייסן אָנטאָן שטריימלעך פֿון קרויט, וואָלט זיי אַרויפֿגעזעצט אויף אַ דאַך און וואָלט זיי גע־הייסן שרייען: „די וועלט שטינקט!". געטהעס פֿאוסט האָט זיך גע־בעטן ביי מעפֿיסטאָן ער זאָל אים צוריקגעבן זיין יוגנט כּדי ער זאָל פֿונדאַסניי קענען הנאה האָבן פֿון לעבן, זיך אַריינוואַרפֿן אין דער וועלט פֿון תּאוות און לוסט. ר' מענדעלע וואָלט געוואָלט קענען אָנהויבן פֿונדאַסניי כּדי דער וועלט אַריינצושרייען אין אויער אַריין דעם טרויעריקן אמת, צו וועלכן זיין טראַכטן האָט אים דער־פֿירט, דעם אמת, אַז די וועלט שטינקט.

אָבער ס'איז שוין צו שפּעט פֿאַרן קאָצקער אָנצוהייבן ערשט צו לערנען מיט זיינע חסידים זיין נייע תּורה. ער איז שוין גייס־טיק און פֿיזיש אָפּגעטיילט פֿון זיין פֿריערדיקער וועלט און דער טויט וואַרט ביי דער טיר פֿון זיין קאַמער. דער טויט באַפֿרייט אים פֿון די ספֿקות און ראַנגלענישן, באַפֿרייט אים פֿון זיין נייער תּורה. ערשט נאָך זיין פּטירה, ביי זיין קבר, הערט זיך אַן עכאָ פֿון זיין לעצטער שטימע. זיינע תּלמידים פּרובירן מאַכן אַ סך־הכּל פֿון דעם, וואָס זייער רבי האָט זיי געלערנט, און געבליבן איז ביי זיי פֿון קאָצקער בלויז זיין לעצטער טראַגישער געדאַנקען אַקאָרד: „מיר האָבן געלערנט, אַז דער מענטש זאָל כּל ימיו געדענקען דאָס ער איז אַ שטינקער", זאָגט ר' הענעך ביים טויטן גוף פֿון ר' מענדעלען. און מרדכי ווי אַן אָבל, שטייט און הערט זיך צו צו די רייד און ער בלייבט אַ פֿאַרגליווערט־דערשלאָגענער; ער איז גע־קומען זוכן רו און ער גייט אַוועק אַ מער אומרואיק־צעבראָכענער ווי ער איז געווען. נישט בלויז האָט ער געזען דעם טראַגישן סוף פֿון גרעסטן פֿירער פֿון דורות, נאָר ער האָט נאָך געזען, אַז דאָרט וואו עס האָט געדאַרפֿט זיין קדושה, דאָרט איז פֿול מיט טומאה. ר' מענדעלע איז געווען גייסטיק צעריסן און פֿיזיש צעבראָכן און זיין אַרום איז אָנגעפֿילט מיט אַ גייסטיקן בלויז און איז פֿיזיש און מאָראַליש פֿאַרדאָרבן. דער מיזאַנטראָפּ איז געלעגן איך זיין תּפֿיסה און האָט געשאָלטן די וועלט און אין זיין הויף האָט געבושעוועט אַ נעץ פֿון זינד. דעם טאַטנס ספֿקות האָבן די קינדער דערפֿירט צו סעקסועלע אָרגיעס, צו געשלעכטלעכע עקסצעסן, וואָס שטייען

אויף אַזאַ פּלאַץ, ווי די לינקע ליבּעס, ווי די אָרגיעס, וואָס מרדכי־אָפּאַטאָשו האָט אַמאָל געזען בּיי זיינע אונטערוועלט פּאַרשוינען אין די הייזלעך און שענקען, אין די פּעלדער און וועלדער וואו ער האָט זיי געטראָפן.

„דער מענטש שטינקט", האָט מרדכי זיך מסתּמא געטראַכט און דער מענטש איז יעדער מענטש, פון יעדן קלאַס, פון יעדן שטאַנד, פון יעדער געזעלשאַפטלעכער סביבה. גערעכט איז געווען דער קאָצקער. דער שלום צו וועלכן ער איז געקומען נאָך אַלע גע־ראַנגלענישן איז דער אמתער שלום.

מרדכי אָפּאַטאָשו וואָלט אַוודאי אַוועק אין דער וועלט פון זו־כעניש אַ פּעסימיסטיש דערשלאָגענער, ווען ער וואָלט צווישן קאָצ־קערס תּלמידים אַרום קבר נישט געזען אי די אויפריכטיק־עק־סטאַטישע אויגן פון באָרוועסן ישראל אי די תמימותדיק־גוטמו־טיקע געשטאַלט פון ר' איטשען. זיי בּיידע, ספּעציעל ר' איטשען, האָט פאַרפאָלגט דעם קאָצקערס זאָג: „דער מענטש שטינקט". דער זאָג האָט זיי געטריבן, ווי מיט בּייטשן. ר' איטשע האָט זיך פּאַמעלעך אָנגעהויבן צו פאַרגנבענען צו מרדכין אין געדאַנק אַריין און האָט אים נישט געלאָזט ווער־פאַרזונקען אין יענעם פינצטערן געדאַנק. ר' איטשעס געשטאַלט האָט געדולדיק געוואַרט אין מרדכיס פּעסימיסטישן אונטערבּאַ־וואוסטזיין; ר' איטשע איז געוואָרן אַ ווייטער, אַן אומקלאָרער הינ־טערגרונט, וואָס האָט זיך פּאַמעלעך אָנגעהויבן אַרויסצוהויבן, האָט געוואַרט אויף אַ געלעגנהייט, געוואַרט ביז מרדכיס פּעסימיזם וועט אָנהייבן אויסוועפן, ערשט דעמאָלט וועט ער, ר' איטשע, זיך באַווייזן אין זיין פולער לויטערקייט און גאַנצקייט; ר' איטשעס געשטאַלט וועט שוין מרדכי־אָפּאַטאָשון נאָכגיין און וועט אים אָנ־פילן מיט נייעם גלויבן, מיט בּטחון; ר' איטשע וועט זיך באַ־ווייזן אי אין דערציילונגען, אי אין ראָמאַן „די טענצערין". אַ אויף גאָרעק סטריט אין שטיבל, אי טיילווייז אין „ר' עקיבא"; אָפּאַטאָשו האָט אין קאָצקער הויף געזען דעם גוססדיקן געראַנגל פון אַן אידייע, ער האָט אָבער דאָרט אויך געטראָפן און האָט זיך באַקענט, האָט פאַרבונדן אַ נייע חברשאַפט מיט אַ יורש פון גע־

ליטערטן געדאַנק, וואָס שטייט העכער איבער צייטווייליקער אַנ־טוישונג, אַ געדאַנק, וואָס איז שטענדיק, וואָס קאָן קיינמאָל נישט פֿאַרניכטעט ווערן, אַן אידייע, וואָס איז אַזוי שטאַרק, ווי שטאַרק ס'איז דער נצח־ישראל. אַן אידייע, וואָס איז אויסגערופֿן געוואָרן אויפֿן סיני און איז אויסגעפּרובירט געוואָרן אין דער לאַנגער גע־שיכטע פֿון יידישן מאַרטירער פֿאָלק, די אידייע פֿון צדקות, פֿון יושר, פֿון ואהבת לרועך כמוך".

דער קאָצקער איז נפֿטר געוואָרן, אָבער ר' איטשע לעבט.

ר' מענדעלע קאָצקער און מרדכי' זענען אָפּאַטאָשוס העכסטע דער־גרייכונגען אין מאָלן כאַראַקטערן. זיי זענען אַרויסגעקומען גאַנץ אין זייער צעריסנקייט. און ר'מענדעלע איז אַ היינטצייטיקער איוב, וואָס צווינגט אונדז מיר זאָלן זיך אָפּשטעלן און פֿאַרטראַכטן וועגן דעם עצם מענטשלעכן גורל, וועגן טיפֿן טראַגיזם פֿון מענטשלעכן זיין. מיר ווערן מיטגעריסן מיט איובס טראַגעדיע, מיטן באַרג חורבן אַרום אים, מיט דער אכזריות, וואָס די השגחה טיילט אים אויס מיט אַזאַ אומפֿאַרמיידלעכער, שטרענגער האַנט; איוב האָט אַ לעבן לאַנג געזאַמלט עשירות, שאָף און רינדער און אַ הויז האָט ער געהאַט פֿול מיט קינדער; ער האָט אויף דער עלטער פֿאַרלוירן זיין גאַנץ פֿאַרמעגן, אָבער גייסטיק איז ער דאָך געבליבן גאַנץ. זיינע טענות צום רבונו של עולם זענען רייד פֿון אַ גלויביקן. דער קאָצקער האָט ס'גאַנצע לעבן אַוועקגעגעבן אויף זאַמלען געדאַנ־קען, אויף אויסקריסטאַליזירן אידייען. ער האָט געשריבן חיבורים, ער האָט זיך עשירות צונויפֿגעזאַמלט אויפֿן פּאַפּיר, און אויפֿן שוועל פֿון טויט האָט ער אַליין, בידים פֿאַרניכטעט אַלץ, וואָס ער האָט מיט אַזוי פֿיל מי און פּראַצע דעראָבערט. איוב איז געשטאַנען הילפֿלאָז קעגן דער אויבערשטער־מאַכט, און האָט געזען ווי זיינע קינדער שטאַרבן, זיינע שאָף פֿאַלן אַוועק, זיינע שייערן ווערן פֿאַרצערט פֿון פֿייער; דער קאָצקער נעמט צוזאַמען זיינע לעצטע כּוחות און צעשטערט אַליין דאָס וואָס קיינער צווינגט אים נישט ער זאָל צעשטערן. איוב זיצט אויף זיין חורבן פֿון מאַטעריעלן פֿאַר־לוסט אָבער דער גלויבן אין אים קען אים נאָך שטאַרקן, צוגעבן מוט אָנצוהייבן פֿון דאָסניי, דער קאָצקער זיצט אויפֿן באַרג מאַ־

נוסקריפּן, חיבורים, זיצט אויפֿן חורבן פֿון זיין גאַנצער אידייאישער וועלט און האָט גאָר נישט מיט וואָס אָנצוהייבן. ער האָט פֿאַרלוירן אי די פּירות פֿון זיין גייסטיקער פּראַצע, אי זיין גלויבן. ר׳ מענ־דעלע שטייט פֿאַר אונדז אַ דערשלאָגענע, אַ טראַגיש־צעבראָכענע, דאָך טורעמדיקע פּערזענלעכקייט און זיין טראַגיזם איז נאָך טיפֿער ווי איובס אומגליק.

אָפּאַטאָשון האָט זיך איינגעגעבן קינסטלעריש אַרויסצוברענ־גען אָט דעם טיפֿן טראַגיזם פֿון ר׳ מענדעלע קאָצקער. ער האָט אין מענדעלען באַשאַפֿן נאָך אַ טראַגישע, אַ גרויסע פּערזענלעכ־קייט, וואָס קען צוגערעכנט ווערן צו די טראַגישע כאַראַקטערן פֿון דער וועלט־ליטעראַטור, צו עדי־פּוסן, צו איובן, צו האַמלעטן. ס׳איז אַ געוואַלדיקע קינסטלערישע דערגרייכונג; ס׳איז נישט קיין גרינ־גער ענין אַזוי צו זען, צו באַנעמען און צו מאָלן אַזאַ מין קאָלאָסאַלע קאָמפּליצירטע פּערזענלעכקייט.

אַש וואָלט אַזאַ מענדעלען נישט געקענט מאָלן. ר׳ מענדעלע קאָצקער, ווי אָפּאַטאָשו האָט אים געזען, פּאַסט זיך לחלוטין נישט אַריין אין דער גאַלעריע אַש־געשטאַלטן. ביי אַשן, ווען ער וואָלט אַריינגענומען ר׳ מענדעלען אין זיין שרייב־לאַבאָראַטאָריע וואָלט ער פֿון אים געמאַכט נאָך אַ יחזקאל גאָמבינער אין אַ גאָר הויכער בחינה. ער וואָלט אים געמאָלן מיט ראָמאַנטיש־פֿייערלעכע פֿאַרבן, ער וואָלט אים פֿאַרוואַנדלט אין אַ ר׳ יחיאל פֿון אַ העכערער מדרגה און ר׳ מענדעלע וואָלט זיינע כתבים נישט צעריסן און אויסגע־שריגן דערביי „די וועלט שטינקט״, נאָר ר׳ מענדעלע וואָלט מסתמא נפֿטר געוואָרן בנשיקה און זיין קערפּער וואָלט אויף אַ פֿייערדיקן רייטוואָגן אַוועקגעפֿירט געוואָרן גלייך צום כסא הכבוד.

נישט פּרץ און נישט אַש האָבן זיך געקענט דערלויבן צו מאָלן אַזאַ קאָצקער ווי אָפּאַטאָשו האָט געמאָלן. זיי ביידע, אַש און פּרץ, זענען געגאַנגען צו אונדזער נעכטן זוכן דעם שבת, די יום־טוב־דיקייט; זיי האָבן געקוקט אויף אונדזער אַמאָל מיט ראָמאַנטיש־פֿאַרליבטע אויגן. אַש האָט אָנגעהויבן מיט שבת, מיט יום־טוב, מיט יחזקאל גאָמבינער, שמואל נגיד, מיט קידוש השם. ער האָט אָנגעהויבן מיט פֿייערלעכע, דערהויבענע פּערזענלעכקייטן; ער איז

כסדר געגאַנגען באַרג אַרויף אין זיין מאָלן אַלץ מער עקזאַלטירטע העלדן און געשעענישן. פון דערהויבענע, הויכע גייסטער האָט ער בהדרגה זיך איבערגעטראָגן אין דער וועלט פון מיטאָס, פון דע־מי־געטער און געטער; נאָך זיין „תהילים ייד", נאָך ר׳ יחיאלן איז כמעט געווען לאָגיש ער זאָל זיך אָ נעם טאָן צום „מאַן פון נצרת", צום „אפאסטאל" און אָט האָט ער אונדז שוין אונטערגעוואָרפן נאָך אַ גאָט־ווערק, אַ ווערק וועגן גאָטס מוטער, וועגן מערין. מיר האָבן שוין נאָך אַ „גרויס, אַ פייערלעך" ווערק, וואָס פאַסט זיך אַריין אין דער ראַם פון זיין שאַפן. אַפּאַטאָשו האָט אָנגעהויבן מיט שלמה קראַדניק און ער האָט דערפאַר מיט זיין ניכטערן רעאַליזם געקענט קומען צו ר׳ מענדעלען און אים זען ווי אַן ערדישן, רעאַלן, ווי אַ מענטש, וואָס ראַנגלט זיך מיט ספקות, ווי אַ מענטש, וואָס ווערט פאַרפּאָלגט פון צווייפלען. אַפּאַטאָשו האָט ר׳ מענדעלען גע־קענט זען ווי אַ מענטשן, ווי איינעם וואָס איז, ווי מיר אַלע, אונ־טערגעוואָרפן צו געזעצן פון מענטשלעכן לעבן. ער האָט אונדז דערפאַר געקענט געבן אַ מענדעלען, וואָס איז גרויס אין זיין מענטשלעכקייט, וואָס איז אונדז נאָענט, וואָס איז אַ טייל פון אונד־זער אייגענער טראַגעדיע.

אין זיין פאָררעדע צו „די כישופמאַכערין פון קאַסטיליען" דערציילט אונדז שלום אַש, אַז צוויי עלעמענטן אין דער יידישער געשיכטע האָבן אים פון שטענדיק אינטערעסירט: „דער קידוש השם און די מעסיאַנישע שטרעבונגען, וואָס פלעגן נאָכפאָלגן נאָך יעדן קידוש השם... די עלעמענטן האָבן גערייצט מיין פאַנטאַזיע". אַזוי האָט אַש געשריבן אין 1921, ווען יוסף אַפּאַטאָשוס ראָמאַן „אין פוילישע וועלדער" איז אַרויס פון דרוק. אַש האָט געלייענט אַפּאַטאָשוס ראָמאַן, נישט נאָר געלייענט, אַש האָט געפאָרשט און האָט מסתמא לאַנג געטראַכט און באַטראַכט דאָס ווערק. אַש האָט געהאַט גענוג צייט זיך צו באַקענען גענוי מיט אַפּאַטאָשוס אַרבעט איידער ער האָט אָנגעהויבן צו שרייבן זיין „תהילים ייד". דער „תהילים ייד" איז ערשט דערשינען אין 1934, דרייצן יאָר נאָך דעם ווי אַפּאַטאָשוס ווערק איז אַרויס אין בוך־פאָרם. די עפּאָכע, די צייט, די סביבה פון „תהילים ייד" פאַלט צונויף מיט דער

צייט פון אפּאַטאָשוס „אין פּוילישע וועלדער". אַפּאַטאָשו אַליין וייזט אָן אַ רייע שטעלן אין "תּהילים ייד", וואָס זענען ווערטער־לעך און אידייאיש כּמעט די זעלביקע רייד און אידייען, וואָס אַפּאַטאָשוס העלדן „אין פּוילישע וועלדער" רעדן. אָן באַזונדערע אָנשטרענגונגען קענען מיר זען אַ סך ענלעכקייטן צווישן די ביידע ראָמאַנען, אָבער די און אַנדערע ענלעכקייטן, די און אַנדערע איינצלהייטן, וואָס זענען גלייך אין ביידע ראָמאַנען, זענען אויס־נאָמען, זענען בלויז פֿאַרבייגייענדיקע, דער תּוך, דער אינהאַלט, די באַהאַנדלונג אי פֿון דער סביבה אי פֿון די הויפּט־העלדן אין די ראָמאַנען זענען אַזוי אַנדערש, ווי ס'איז אַנדערש אַפּאַטאָשוס קינסטלערישער בליק אויף געשיכטע, ווי ס'איז בכלל אַנדערש אַפּאַטאָשוס טעמפּעראַמענט ווי אַשס. פֿון אַלץ, וואָס אַש האָט געליענט אין אַפּאַטאָשוס ראָמאַן, פֿון אַלע העלדן אַפּאַטאָשוס האָט אַש אויסגעקליבן ר' איטשען. ר' איטשע האָט זיך אַריינגעפּאַסט אין אַשס גלאָריפֿיצירטער העלדן־גאַלעריע. ער האָט אין ר' איטשען געזען דעם רייץ אי פֿון קידוש־השם אי פֿון מעסיאַניזם, וואָס האָבן אַ רעג געטאָן זיין צעיומטובטע פֿאַנטאַזיע, און ער האָט ר' איטשען פֿאַרוואַנדלט אין אַ תּהילים־ייד, אין ר' יחיאלן. ר' יחיאל איז אין אַ דירעקטער ליניע אַ שטיקל קרוב, מער ווי אַ שטיקל קרוב פֿון מאַן פֿון נצרת, ווען ווען אַש האָט שוין לאַנג צוריק געהאַט בדעה אויסצוזינגען זיינעם אַ געזאַנג אין פּראָזע. דער מאַן פֿון נצרת האָט נאָך מיט איבער דרייסיק יאָר צוריק נישט געלאָזט רוען אַשס פֿאַנטאַזיע. נאָך דעמאָלט איז דער מאַן פֿון נצרת נאָכ־געגאַנגען אַשן אי אין רוים אי אין ארץ ישראל און ער האָט גע־שריבן, אַז כּדי יעזוסעס קבר צו זען לוינט זיך אַפֿילו פּעטש צו קריגן. נאָכן לייענען אַפּאַטאָשוס ראָמאַן האָט אַש מסתּמא באַ־שלאָסן, אַז ס'וואָלט געווען אַ פּלאַן אָנצושרייבן אַ ראָמאַן וועגן אַ ר' יחיאל, אַ תּהילים ייד, וואָס זאָל צוגרייטן דעם באָדן, זאָל צו־גרייטן פּסיכיש דעם לייענער צו קענען זען אין מאַן פֿון נצרת די גייסטיקע קרובהשאַפֿט, וואָס ציט זיך אָזש ביזן תּהילים ייד, ביזן קאָצקער הויף, וואו דער תּהילים ייד, איז אַן אייגענער.

אַשן האָט אויך מסתמא פֿאַרדראָסן פֿאַרוואָס אַפּאַטאָשו האָט אים אויסגעכאַפּט אַזאַ יום־טובדיק בלעטל ידישע געשיכטע און האָט עס פֿאַרשוועכט. ער האָט געוואָלט רעהאַביליטירן דעם קאָצקער, אים אַוועקשטעלן אונטער די ליכט־פּראָזשעקטאָרן פֿון זיין קינסטלערישער פֿאַנטאַזיע און אים אונדז דערלאַנגען אין שלייער פֿון קדושה. אָבער אנשטאָט דעם קאָצקער האָט ער בעסער אויסגעקליבן ר׳ יחיאלן. ר׳ יחיאלן איז גרינגער צו באַפּוצן מיטן גאַנצן ראָמאַנטישן אַקסעסואַר, וואָס אַש האָט שטענדיק גרייט פֿאַר אַזעלכע געלעגנהייטן. פּייערלעכע ראָמאַנטיק, אידעאַליזאַציע, דער־היבענע שטימונג, שבתדיקייט, די דאָזיקע שאַפֿונג־עלעמענטן האָבן געקענט ווערן לייכטער אַנגעווענדט אויפֿן פשוטן, תמימותדיקן ר׳ יחיאל ווי אויפֿן קאָצקער. דער קאָצקער איז געווען צו קאָמפּליצירט, צופֿיל געשיכטלעך פֿאַרפֿיקסירט אַזוי, אַז ער האָט זיך נישט געלאָזט אַריינפּאַסן אין דער גרייטער, גאָלדענער ראָם, וואָס אַש האָט שוין פֿון פֿריער געהאַט גרייט פֿאַר אים ווי פֿאַר זיינע אַלע אַנדערע העלדן, וואָס האָבן געבריצט זיך פֿאַנטאַזיע. דער קאָצקער אַליין ווערט נאָר דערמאָנט אין „תהילים ייד״. צו אים האָט אַש נישט געהאַט קיין כוח, נישט געהאַט קיין ווילן זיך צוצורירן. איז ר׳ יחיאל טאַקע אַרויס געקומען ביי אַשן אַזוי תמימותדיק, אַזוי האַרציק, אַזוי באַזונגען און גלאָריפֿיצירט ווי ס׳איז שפּעטער אַרויסגעקומען אַשס מאַן פֿון נצרת. אָבער אין זיין תמימות פֿעלט ר׳ יחיאלן אי דעם קאָצקערס טיפֿקייט אי דעם קאָצקערס טראַגישע גרויסקייט. ר׳ יחיאל איז אַ נאַאיוו־פּשוטער תהילים ייד, וואָס איז געפּאַנצערט מיט ביטחון און אמונה. ער איז שלום אי מיט זיך אי מיט דער וועלט אי מיט גאָט.

אַש האָט אויסגעזונגען אַ געזאַנג צו אַ גוטן ייד, צו אַ יורש פֿון אַ פֿאַרפֿלאַכטן חסידיזם. אַפּאַטאָשו האָט זיך פֿאַרטיפֿט אין דער אידייע פֿון חסידות און האָט דערזען די דעקאַדענץ פֿון דער אידייע. אַש האָט ר׳ יחיאלן באַפּוצט אין יום־טובדיקע קליידער, אין פּייערלעכקייט. אַפּאַטאָשו איז אַריינגעדרונגען אין דער נשמה פֿון ר׳ מענדעלען. אַש האָט אָנגעשריבן נאָך אַ בוך, אַ ווערק, וואָס איז אַ טייל פֿון זיין כסדרדיקער קידוש־השם־משיח טעמאַטיק, אַפּאַטאָשו

האָט אין ראָמאַן „אין פוילישע וועלדער״ דערגרייכט איינעם פון די העכסטע שטאַפּלען, אפשר דעם העכסטן שטאַפּל פון זיין שאַפן.

דער ראָמאַן איז געוואָרן אַ ווערק וואָס האָט אָפּאַטאָשון אויפגעשטעלט אין דער רייע פון וועלט באַרימטע קינסטלערס.

אין „אין פוילישע וועלדער״ האָט אָפּאַטאָשו דערגרייכט יענע קינסטלערישע שלמות, וואָס איז אָפט שווער צו דופליצירן אין נאָך אַ ווערק. סערוואַנטעס האָט געקענט אָנשרייבן בלויז איין „דאָן קיכאָט״ אין דאַנטעס נאָמען איז באַרימט בלויז צוליב זיין „דיווינאַ קאָמעדיאַ״. כאָטש אי דאַנטע אי סערוואַנטעס האָבן געשריבן אַ סך אַנדערע ווערק, פונדעסטוועגן וואָלטן זיי ניט געווען פאַרדינט זייער רום, זיי וואָלטן געבליבן בלויז שרייבערס, וואָס וואָלטן געקערט צו זייערע אייגענע ענג־נאַציאָנאַלע שאַפערס מיט וועלכע די וועלט וואָלט זיך קוים גערעכנט. אָפּאַטאָשו האָט זיכער געהאַט גרויסע קינסטלערישע פאַרדינסטן איידער „אין פוילישע וועלדער״ איז געשריבן געוואָרן, אָבער מיטן דערשיינען פון „אין פוילישע וועלדער״ איז ער אַרויס אויף דער וועלט אַרענע.

אין „אין די פוילישע וועלדער" איז אָפּאַטאָשו געווען ביי זיך אין דער היים. ער האָט גוט געקענט אי די סביבה, אי די מענטשן אין דער סביבה. זיין היימישקייט, זיין אַריינדרינגען אין דער היי־מישקייט האָט דעם ראָמאַן געגעבן אוניווערסאַלקייט. אַלע קלאַסן פון פוילישן יידנטום, סיי יידישע עם־הארצים, דאָרפס־יידן, סיי יידישע באַלעבאַטים, חסידים, אינטעליגענטן, סיי די יידישע רעלי־גיעזע אַריסטאָקראַטיע, סיי פוילישע פויערים און פוילישע אַדל־לייט, אַ גאַנצער קאַלײדאָסקאָפּ פון יידישן און פוילישן פאָלק מאַר־שירן פאַר אונדז פאַרביי אויף די זייטן פון ראָמאַן און אַלע זענען עכט און פולבלוטיק געמאָלן. און מרדכי, דער גייער, דער אַבזער־ווירער, דער קאָמענטאַטאָר, ווערט געפירט מיט אַ געניטער האַנט. ער ווערט געפירט פון איין ווינקל אין פויליש יידישן לעבן ביז אין די ווייטע דאָרף־ווינקלען פון פוילישן, פאַרשקלאַפטן פויער. וואָס האָרעוועט און פראָטעסטירט אין דער שטיל. אָפּאַטאָשו האָט מרדכין נישט געקענט איבערלאָזן אויפן מיטן שליאַך, איבערלאָזן אָן אַנטווישטן אין דער גאַנצער סביבה זיינער, אין דער וועלט פון אידייען און געדאַנקען און אין דער וועלט פון פּראַקטישן זיין. אָפּאַטאָשו האָט מרדכין געמוזט ערגעץ ווייטער פירן, פיורן און דערפירן צו אַ ציל, צו עפּעס אַן אַנהאַלט. ער האָט דערפאַר גע־פּלאַנירט צו שרייבן נאָך צוויי ביכער, צו שאַפן אַ טרילאָגיע „אין פוילישע וועלדער", וואו ער זאָל זיין העלד קענען געבן מער צייט און רוים זיך צו געשטאַלטיקן. אָבער מער ווי דעם צווייטן טייל פון דער געפּלאַנירטער טרילאָגיע האָט אָפּאַטאָשו נישט אָנגעשריבן. נאָך „1863" איז מרדכיס לעבן־וועג געבליבן פאַר אונדז אַ נישט דערציילטער סוד.

בערגלסאָן האָט אויך בדעה געהאַט צו שרייבן אַ טרילאָגיע ביים דניעפּער, וואו ער זאָל פענעקן קענען אריינפירן מיט ביידע פיס אין דער אָקטאָבער רעוואָלוציע אַריין. ער האָט פענעקן דער־פירט ביז ערב דער רעוואָלוציע און ביים טויער פון דער רע־וואָלוציע איז בערגלסאָן געבליבן שטעקן מיט זיין פערצן, פופצן יאָריקן פענעק און האָט נישט געוואוסט וואָס מיט אים צו טאָן. פענעקס לעבן אין די טעג פון אָקטאָבער און אין די ווייטערדיקע

בלוטיקע טעג, איז ביז היינט געבליבן אַ סוד, אַ נישט דערציילטע ביאָגראַפיע פון אַ העלד, וואָס האָט גערעגט אונדזער פאַנטאַזיע. פאַרוואָס אָפּאַטאָשו האָט זיין טרילאָגיע נישט פאַרענדיקט ביז היינט איז אַן ענין, וואָס קער זיך אָן מיטן קינסטלערס לאַבאָראַטאָרישן סוד, אָדער מיט זיינע סודות. מיר האָבן בלויז דעם צווייטן טייל פון דער טרילאָגיע און מיטן צווייטן טייל קענען מיר, דאַרפן מיר זיך אינטערעסירן. ערשט ווען מיר וועלן מיטן פאַרטיק מיטן צווייטן טייל איז מעגלעך פאַר אונדז צו פרובירן געפינען דעם באַשייד, די אוו־טאָך פאַרוואָס אָפּאַטאָשו האָט זיין העלד מרדכין נישט געפירט ווייטער.

ווען אָפּאַטאָשו וואָלט נישט געווען געשריבן מער וועגן מרדכין ווי דאָס וואָס ער האָט וועגן אים געשריבן אין „אין פוילישע וועלדער" וואָלט מרדכי אויך פאַרבליבן ווי איינער פון די שטאַרקסטע כאַראַקטערן אין דער יידישער ליטעראַטור. מרדכי און דער קאָצקער זענען ביידע צווייי פיגורן אין אונדזער ליטעראַטור, וואָס זענען אוניווערסאַל, וואָס זענען קינסטלעריש עכט און אייביק, וואָס שטעלן מיט זיך פאַר דאָס מענטשלעך־טראַגישע זיין און קאַמף פאַר זיין.

„1863", דער צווייטער טייל פון דער טרילאָגיע „אין פוילישע וועלדער" זאָגט אונדז טיילנווייז אויס דעם לאַבאָראַטאָריש־קינסטלערישן סוד פאַרוואָס אָפּאַטאָשו האָט די טרילאָגיע נישט געענדיקט. אין „1863" האָט אָפּאַטאָשו מרדכין אַוועקגעפירט פון דער היים, אים אַרויסגעריסן פון זיין סביבה, צוגענומען פון אים די יניקה פון דער מוטער ערד, אים אַרויסגעריסן מיט די וואָרצלען און אים פרובירט איבערפלאַנצן אין אַ פרעמדער ערד, וואו דער קלימאַט האָט מרדכין נישט געדינט אַזוי געטריי, אַזוי נאַרהאַפטיק ווי ביי זיך אין דער היים.

מרדכי אין פאַריז, מרדכי צווישן די רעוואָלוציאָנערן־אינ־טעלעקטואַלן, צווישן באַקונינען און העסן, צווישן די קאָמונאַרן, איז אַ פרעמדער צווישן פרעמדע, אַ פאַרבלאָנדזשעטער בחור פון די פוילישע וועלדער, וואָס איז צופעליק אַריינגעפאַלן אין אַ גע־זעלשאַפט, וואָס האָט מיט אים און ער מיט זיי כמעט קיין שום

געמיינשאַפטלעכע באַציאונגען נישט. מרדכי אין די פּוילישע וועלדער איז נישט געוואָרן צוגעגרייט גייסטיק ער זאָל קאָנען מאַכן דעם גרויסן שפּרונג פון קאָצקער הויף צו די קאַפע־הייזער פון פּאַריז. מרדכי קען זען פּאַריז, ער קען זיך צוהערן צו די אומאויפהערלעכע דיסקוסיעס צווישן די פאַרשידענע רעוואָלוציאָנערע פירערס און גרופּעס, אָבער ער קען נישט ווערן אַ טייל פון זיי, קען זיי נישט באַנעמען אַזוי ווי ער האָט באַנומען און פאַרשטאַנען די האַרבע וויכוחים און טיפע חקירות פון ר' מענדעלע קאָצקער, פון ר' אירטשען, פון ישראל דעם באַרוועסן. אי די קאָצק אי די פּוילישע וועלדער זענען מרדכיס היימען; פון ביידע איז ער אַ לעבעדיקער באַשטאַנדטייל און אין ביידע איז ער טיף פאַרוואָרצלט; אין פּאַריז בלייבט ער פרעמד, קאַלט און זיין זיין דאָרט, זיין אַבזערווירן, איז בלויז פון אַ צייטווייליקן טוריסט, פון אַ גאַסט אין אַ הויז, וואו ער פּאַסט זיך נישט אַריין, וואוהין ער איז אַפילו נישט געוואָרן פאַרבעטן.

אַשס „וואַרשע״ שטייט קינסטלעריש ביז גאָר אויף אַ העכערער מדרגה ווי זיין ״פּעטערבורג״ און „מאָסקווע״. ביי רחל האַראַוויטש אין הויז, אין דער סביבה פון רחלס טעפּ פון איר קיך, איז אַש ביי זיך אין דערהיים. וואַרשע איז אַשס פּוילישע וועלדער, רחלס הויז איז אַשס קאָצק. אין פּעטערבורג און אין מאָסקווע איז אַש ווי אַפּאַטאַשו אין פּאַריז. און נישט נאָר איז דער פּעטערבורגער מירקין מער איבערצייגנדיק אין וואַרשע ווי אין מאָסקווע, נאָר רחל, וועמען אַש קען אַזוי דורך און דורך, פאַרלירט איר אידענטיטעט, ווען אַש פירט איר אַריבער פון איר וואַרשעווער סביבה אין דער ווייטער און פרעמדער פּעטערבורג, מאָסקווע.

מרדכי אין פּאַריז זעט אויס ווי אַ שאָטן פון יענעם מרדכי, וואָס מיר קענען פון די אידילישע ליבעס, פון די בענקענישן אין די וועלדער, פון די גייסטיקע געראַנגלען אין קאָצקער הויף.

„1863״ איז אַ געשיכטלעכער ראָמאַן, וואָס פּאַסט זיך אַריין אין דער ראַם פון דער צייט, וואָס קען זיין דער צווייטער טייל פון די „אין פּוילישע וועלדער״. אַפּאַטאַשו האָט אין ״1863״ אונדז ווידער געוויזן, אַז ער איז אי אַ מתמיד אי אַ פאָרשער, אַז ער טראָגט

אויף זיך די קינסטלערישע מיסיע מיט פולער אחריות. עס זענען דאָ אין בוך אָן אַ שיר רייכע בילדער, קאָלירפולע מאָלעריען פון דער פאַריזער סביבה. שטיקער געשיכטע זענען אַריינגעפירט אין בוך און זיי זענען קינסטלעריש־בעלעטעריסטיש פאַרדייעט און גוט איבערגעגעבן. מיר האָבן אויך אין בוך אַ רייע פאָרטרעטן פון רעוואָלוציאָנערע פירערס, פאָרטרעטן, וואָס האָבן אין זיך אי אַ סך מאָלערישן חן אי פולבלוטיקע, מענטשלעכע שטריכן און פאַרבן. ברייט און גאַנץ געמאָלן איז דאָס בילד פון ריזיקן באַקונינען און זיין שנאה צו, זיין אייפערזיכט אויף קאַרל מאַרקסן. באַקונין שטייט פאַר אונדז אין זיין פשוט־ערדישער מענטשלעכקייט און זיין קנאה איז אַזוי אויפריכטיק און אָפן ווי זי איז נאַטירלעך־פאַרשטענדלעך. באַקונין האָט ליב לויב, האָט ליב חניפה אויך און די מענטשן פון זיין קרייז זשאַלעווען אים נישט ביידע, זיי גיבן אים לויב־געזאַנגען מיט אַ פולער האַנט און זיי חנפענען זיך צו אים ביי יעדער געלעגנהייט. זיי האַלטן אים פאַר אַ ריז פון דענקען. אָבער אים באַקומען נישט די שבחים, וואָס זיינע נאָענטע גיבן אים אַזוי פאַרשווענדעריש. ער ווייס, אַז עס זענען דאָ אַ סך קרייזן מענטשן, רעוואָלוציאָנערן, וואָס ביי זיי שטייט מאַרקס מיט קעפּ העכער פאַר אים. באַקונינס אייפערזיכט אויף מאַרקסן דערמאָנט אונדז שטאַרק פרישמאַנס שטענדיקע אייפערזיכט אויף פרצן, זיין פרובירן פרצן אַרונטעררייסן. באַקונין שרייט דעריבער אויס מיט וויטיק און פאַרדראָס, מיט קנאה: „וואָס טויג מיר, אַז אַלע דאָ אין דער קאָמונע אנערקענען מיך, ווען ער, קאַרל, וואָס שטייט מיר ווי אַ ביין אין האלדז, באַמערקט מיך אַפילו נישט!‟ אים וואָלט שוין נישט געאַרט וואָס אַנדערע שטעלן מאַרקסן העכער פון אים, ווען מאַרקס אַליין גיט כאָטש אַ קוק אויף אים, באַמערקט אים און ווייזט אים, אַז ער, מאַרקס, ווייסט, אַז באַקונין, אַזאַ זאַך ווי אַ באַקונין איז דאָ אויף דער וועלט. דאָס איז אַ טיף־מענטשלעכער שטריך, א פיין־אויפגעכאַפּטער און עכט־געצייכנטער פאַרדראָס פון אַזאַ מענטשן ווי באַקונין איז געווען. באַקונין איז דאָ געמאָלן אַ סך מענטשלעכער ווי פרישמאַן איז געווען לגבי פרצן. פרישמאַן האָט געוואָלט פרצן דערנידעריקן כדי ער אַליין זאָל וואַקסן העכער,

באַקונין זוכט בלויז אנערקענונג פֿון מאַרקסן, זוכט בלויז צו הערן אַ גוט וואָרט וועגן זיין באַליידיקטן איך.

דער אויפֿשטאַנד אַלייז, מרדכיס אנטייל אין אויפֿשטאַנד, ר' אברהמס טויט אין לעצטן קאַפּיטל פֿון בוך, דער אופֿן ווי מ'הענגט אים, די און נאָך אַ סך סצענעס און געשעענישן אין ראָמאַן זענען געצייכנט מיט אָפּאַטאָשוס קינסטלעריש־געניטער האַנט און זיי לאָזן איבער אַ טיפֿן און דויערדיקן איינדרוק אויף אונדז. די דאָזיקע סצענעס זענען פֿיינע וויגניעטן פֿאַר זיך אַליין, זיי זענען איינ־דרוקספֿול ווי הינטערגרונט מאַטעריאַלן. אָבער מרדכי אַליין בלייבט שטענדיק ווי אַ זייטיקער צושויער, ווי עפּעס אַ ווייטע מו־זיק, וואָס טראָגט זיך ערגעץ־וואו הינטערן ראָמאַן.

געאָרג בראַנדעס, וואָס האָט אין איינער פֿון זיינע פערלדיקע עסייען וועגן די טיטאַנען־שרייבערס פון ניינצטן יאָרהונדערט, אַזוי שטאַרק געלויבט גוסטאַוו פֿלאָבערטס קינסטלערישע דערגרייכונגען, האָט מיט זיין שאַרף אַנאַליטישער פעדער באַהאַנדלט פֿלאָבערטס קלאַסיש ווערק „סאַלאַמבאָ". ער האָט זיך געגנוי אָפּגע־שטעלט אויף פלאָבערטס טטיליסטיש מאָלערישע חנעה, אויף זיין דורכדרינגלעכער פֿאָרשערישער אַרבעט, אויפֿן אוצר מאַטעריאַל, וואָס פֿלאָבערט האָט צונויפֿגעזאַמלט כדי צו שרייבן דאָס דאָזיקע געשיכטלעך־ראָמאַנטיש ווערק. נאָכן אָנ־ווייזן מיט וואָסער מי און פלייס פֿלאָבערט האָט אָנגעשריבן דעם ראָמאַן, קומט בראַנדעס צום שלוס, אַז פֿלאָבערט האָט אין „סאַ־לאמבאָ" אויפֿגעבויט אַ פרעכטיק־איינדרוקספֿולן פעדעסטאל, אָבער די סטאַטוע, וואָס ער האָט אויפֿן פעדעסטאַל אַוועקגעשטעלט איז צו קליין, נישט פאַסיק פֿאַרן פעדעסטאַל.

מיר ווייסן נישט ווער עס איז דער העלד פֿון אָפּאַטאָשוס ראָ־מאַן „1863"; צי דער העלד איז דער אויפֿשטאַנד גופֿא, צי מרדכי. זיכער איז אָבער, אַז אויב „1863" איז דער צווייטער טייל פֿון דער טרילאָגיע „אין פוילישע וועלדער" מוז מרדכי, דאַרף מרדכי פֿאַר־נעמען דעם אויבנאָן אין ראָמאַן, ווייל נישט דער אויפֿשטאַנד איז די דירעקטע פֿאַרבינדונג מיט די פוילישע וועלדער, מיט קאָצק, נאָר מרדכי איז דער וואָס איז די צענטראַלע פֿיגור, וואָס שפּאַנט אַרי־

בער די גרענעצן פֿון פּוילן און מאַכט די פֿאַרבינדונג צווישן וואַלד און דער קאַמונע, צווישן קאָצק און די קאַפֿע־היזער אין פּאַריז. איז דאָ דער גאַנג פֿון די געשעענישן, איז אויך דאָ געשיכטלעכער הינ־טערגרונט, איז דאָ פּאַריז אויך, דער פּעדעסטאַל איז אויפֿגעבויעט אַרכיטעקטאָניש־מאַסיוו און בילדלעך, אָבער די סטאַטוע, מרדכי, זעט זיך ווייניק אָן אויפֿן פּעדעסטאַל; מרדכיס פיגור איז צו קליין פֿאַרן אימפּאַזאַנטן פּעדעסטאַל אויף וועלכן אַפּאַטאָשו האָט אים אַוועקגעשטעלט.

אַפּאַטאָשו האָט איז דעם ראָמאַן אָנגעווענדט אַלע קינסט־לערישע מיטלען פֿון שפּראַך. פֿון קלאַנג, פֿון סטיליסטישן ניואַנס. עס איז אין ראָמאַן דאָ פּליסיקע דערציילערישקייט, אינטערעס, שפּאַנונג, נאָר מרדכי איז נאָך נישט געווען צוגעגרייט צו דער סביבה וואוהין אַפּאַטאָשו האָט אים אַוועקגעפֿירט. און אַפּאַטאָשוס סיף־קינסטלערישער חוש האָט אים מסתמא אונטערגעזאָגט, אַז פֿירן מרדכין צוריק אין וואַלד אַריין איז געשיכטלעך נישט אויסגע־האַלטן, פֿירן אים ווייטער אין דער וועלט אַריין צו וועלכער ער איז נישט צוגעגרייט, אפֿילו שוין נאָך פּאַריז, איז פּסיכאָלאָגיש נישט פּאַסיק, האָט ער אפֿשר דערפֿאַר געלאָזט שטיין מרדכין אין מי־טן וועג, אים געלאָזט שטיין און טראַכטן אי וועגן העסן, אי וועגן מאַרקסן, אי וועגן באַקונינען, אי וועגן דורכפֿאַל פֿון אויפֿשטאַנד. זאָל מרדכי בלייבן מיט זיך, זיך געשטאַלטיקן, ווערן רייף, און ווען אַפּאַטאָשו וועט פֿילן, אַז מרדכי, אָן אויסגעפֿורעמטער, רופֿט אים, דעמאָלט, ערשט דעמאָלט וועט נאָך אפֿשר אַפּאַטאָשו פֿאַר־ענדיקן דאָס קאַפּיטל מרדכי פֿון די פּוילישע וועלדער.

אָבער דערווייל קען דער קינסטלער אין אַפּאַטאָשון נישט וואַרטן, נישט רוען. מרדכי וועט אים נישט פֿאַרפֿאַלן ווערן. עס זע־נען דאָ נאָך מרדכיס, וואָס לאָקן, וואָס בעטן זיך אַ תּיקון, וואָס ווילן דערשיינען אין דער רייע פֿון אַפּאַטאָשוס העלדן און כאַראַק־טערן. זיין סביבה אין אַמעריקע מאָנט פֿון אים אַ חשבון. זי לאָזט זיך אים נישט זוימען צו לאַנג דאָרט, דאָרט אין די וועלדער, דאָרט אין פּאַריז, דאָרט אינעם צעשטורעמטן פּוילן פֿון נאָכן אויפֿשטאַנד. עס לאָקן אַפּאַטאָשון די געזונטע, ערדישע יידישע פּויערים, די

יידישע יענקיס; עס רופֿן אים צוריק די ליליס, די פּאולינס, די שלמה קראדניקעס, וואָס האָבן זיך איבערגעפּלאָנצט דאָ אַהער. זיי ווילן אַפּאַטאָשו זאָל זיי זען אין זייער נייער סביבה, אין דער בחינה פֿון קרעמערס, באַלמעלאָכעס, סוחרים, פּרעזידענטן פֿון שולן און סאָסייטיס. אַפּאַטאָשו לאָזט מרדכין אין וועג און ער נעמט זיך צו זיין אַמעריקאַנער סביבה. בליציקע דערציילונגען, שטיקער אַמערי־קאַנער לעבן, בילדער פֿון דער יידישער סביבה אין איר האַלב־טראַנספֿאָרמירטן צושטאַנד, צאַפּלענדיקע פּאָרטרעטן פֿון נייעם לעבנס־שטייגער, די אַלע קורצע, קאָמפּאַקטע, אויסגעהאַקטע וויג־ניעטן, וויגניעטן פֿון מענטשן, פֿון חיות, פֿון שטאָט און פֿון דאָרף, פֿאַרצייכנט אַפּאַטאָשו און עס וואַקסן אויס זאַמלונגען דערציילונ־גען, וואָס זענען אַ רייכער קוואַל, וואָס זענען אַ שפּע מאַטעריאַלן דורך וועלכע מיר באַקענען זיך מיטן קווערשניט פֿון אַמעריקאַנער יידישן לעבן. עס באַוויזן זיך „לינטשעריי”, „אַרום די חורבות”, „ביאַנקאַ” און אַ רייע אַנדערע זאַמלונגען פֿון דערציילונגען. אַפּאַ־טאָשוס אויג איז וואַך און אָפֿן; ער זעט זיין אַרום מיט אַלע חושים און יעדעס ווינקל פֿון זיין היגן אַרום געפֿינט קינסטלערישן אויס־דרוק אין אַ גרעסערער אָדער קלענערער דערציילונג.

אַפּאַטאָשו ווערט דערווייל דער מייסטער פֿון דער קורצער דערציילונג. אין געציילטע פּאַראַגראַפֿן, אין איינציקע שורות וואַרפֿט ער אָן פּראָבלעמען, וועלט־פּראָבלעמען, לעבן־פּראָבלעמען. זיינע דערציילונגען זענען שטיקער צאַפּלענדיק לעבן, זיי זענען אַרויסגע־ריסענע שטיקער לעבן; זיי זענען אָפֿט אָן אַ טראַדיציאָנעל פֿאַר־ענדיקטן סוף. זיי לאָזן אונדז איבער מיט אַ סוספּענדירטן געדאַנק; זיי לאָזן אונדז איבער אין מיטן פֿון אַ געדאַנק און הייסן אונדז צוטראַכטן דעם סוף. זיי זענען דערציילונגען, וואָס זענען ווי אַ האַלב־אויסגעזאָגטער סוד. אַ שלל אַזעלכע דערציילונגען שרייבט אַפּאַטאָשו; טייל פֿון אַ גוואַלדיק הויכער קינסטלערישער קוואַליטעט, טייל אַזעלכע, וואָס בעטן זיך מ׳זאָל זיי זיך לאָזן אַנטוויקלען, מ׳זאָל זיך זיי לאָזן אויסברייטערן; טייל וואָס קערן צום שרייבע־רישן „עודף”, אָבער אין אַלע פֿילט זיך אַפּאַטאָשוס סטיליסטישע

שטאַרקייט, זיין וואָרט־און־קלאַנג־רייכקייט, זיין שפּע פון קינסט־לערישן אויסדרוק.

אין דער צייט, ווען ער שרייבט די דאָזיקע קורצע דערציי־לונגען זיצט ערגעץ אין אַ ווינקל פון זיין הינטערבאַוואוסטזיין די געשטאַלט פון ר׳ איטשע מקובל. ר׳ איטשע איז געבליבן דאָס אָפענע סירל, דאָס כישוף־פענצטערל דורך וועלכן אָפּאַטאָשו האָט אַלע מאָל אַ בליק געטאָן אויף קאָצק. אָפּאַטאָשו האָט זיך בניעמות־דיק־שטיל דערקלערט אין ליבע צו ר׳ איטשען נאָך אין יענע טעג, ווען ער, אָפּאַטאָשו, איז אַהין געקומען שטורעמען קאָצק, אַרויס־שטעלן קאָצק, איר גאַנצע דעקאַדענץ און צעפּוילטקייט פאַר דער וועלט. צווישן די חורבות פון קאָצק האָט אָפּאַטאָשו געזען די צוויי לויטערע פלעמלעך, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט פון ר׳ איטשעס קלו־גען קאָפּ. איבער ר׳ מענדעלעס אויסגעשריי: „די וועלט שטינקט״ האָבן זיך געטראָגן ר׳ איטשעס גוטמוטיקע, ליבע אויגן און או־מעטום, וואו נאָר אָפּאַטאָשו איז געגאַנגען נאָך קאָצק, צי ער איז געווען אין פּאַריז, צי אין ניו־יאָרק, צי אויף די פאַרמס ביי די יידישע און נישט יידישע יענקיס, צי אַפילו אויף יוניאָן סקווער ביי אַרבעטער־דעמאָנסטראַציעס, וואוהין אָפּאַטאָשון האָט געצויגן אַ צייט לאַנג. אומעטום האָט אים באַגלייט ר׳ איטשעס געשטאַלט, די געשטאַלט, וואָס האָט געזוכט אַ תיקון אי פאַר זיך אי פאַרן קאָצקער, וואָס איז געבליבן ליגן ערגעץ־וואו אויפן באַרג חורבן פון זיינע ערלעכע געדאַנקען און אידייען.

מרדכי איז געבליבן אין הינטערגרונט, האָט געוואַרט, וואַרט נאָך. נאָר ר׳ איטשע האָט אָפּאַטאָשון נישט צורו געלאָזט.

און אָפּאַטאָשו האָט זיך אַרומגעזען, אַז אַ גרויסע שטיק סביבה פון דאָרט האָט זיך שוין אַריבערגעטראָגן אַהער, קיין אַמעריקע, אַז דאָ האָבן זיך שוין באַזעצט נישט נאָר די „פּשאַ יוכעס״, די קראַדניקעס, די געוועזענע פערד־גנבים און קאַטערינקע־שפּילערס, נאָר אַ סך אייניקלעך און אוראייניקלעך פון די געוועזענע קאָצקער האָבן אַהער שוין אַריבערגעטראָגן אי זייער געוועזענעם שטייגער אי זייער חסידות. חסידים־שטיבלעך און רבים האָבן זיך אָנגע־הויבן איינצופונדעווען אין דער נייער סביבה און רבים פירן דאָ

טיש ווי אַמאָל דאָרט. אמת, די חסידישע שטיבלעך דאָ זענען נאָך בלאָס און פלאַך, ס׳פעלט זיי נאָך יענע היימישע טראַדיציע, די אַמאָליקע פאַרבנרייכקייט, אָבער זיי זענען דאָ און זיי מיינען דאָ צו בלייבן. און נאָך האָט אַפּאַטאָשו געזען: מאָדנע, זיינע אַמאָליקע גראָב־יונגערישע, וואוילע חברה פון דער אונטערוועלט האָבן זיך דאָ אָנגעהויבן אויסצומענטשלען, ווערן מיט לייטן גלייך, ווערן באַלעבאָטים און וואונדער איבער וואונדער, טייל פון זיי האָבן פאַרבלאָנדזשעט אַזש אין רבינס שטיבל אַריין, געוואָרן חסידים, געוואָרן מקורבים פון די רביס.

אַפּאַטאָשו האָט זיך אָנגעלאָזט אויף אַ שפּאַציר איבער די שטיבלעך, איז געגאַנגען זען, זיך באַקענען אי מיט די נייע רביס אי מיט זייערע נייע חסידים. ער האָט געזוכט אַ ר׳ איטשען, כאָטש אַן אָפּשייך פון ר׳ איטשען, דאָ אין דער ניי־געפורעמטער יידישער סביבה, און ער האָט געזוכט דעם נייעם קונצנמאַכער, די טענצערין, וואָס איז שוין דאָ נישט קיין פרעמדער, אָפּגעזונדערטער אבער פון יידיש־געזעלשאַפטלעכן אָרגאַניזם, נאָר איז אַ טייל פון דעם אַרום, איז אַ טייל פון דער אַלגעמיינער יידישער קהלה, וואָס האָט אי־בערגעלאָזט איר געזעלשאַפטלעכן פּרעראָגאַטיוו אויף יענער זייט, וואָס האָט אָפּגעשאַפן אַלע קלאַסן־מחיצות, אַלע אַריסטאָקראַטישע יחוס־באַריערן און האָט זיך דאָ אַמאַלגאַמירט אין אַ נייער, כמעט קלאַסנלאָזער יידישער קהילה.

אַפּאַטאָשו איז געגאַנגען זוכן ר׳ איטשען, איז געגאַנגען זוכן דעם נייעם שלמה קראַדניק און ער האָט געפונען „די טענצערין״, דעם אַמעריקאַנער יידישן ראָמאַן, וואו דער קלאַסן־געמיש איז שוין אַזוי פאָלקאָם, אַז דער קונצנמאַכער זרח, די טענצערין רעגינאַ, דער געוועזענער רייכער היימישער סוחר קופעלט, וואָס איז דאָ אַ שוחט, אַז זיי אַלע טרעפן זיך ווי גלייכע מיט גלייכע, זיי טרעפן זיך מיט וואָלפן און אייבין אין דער לאַנדסמאַנשאַפט־געזעלשאַפט און צווישן זיי, צווישן אייבין און וואָלפן און רחלען, דעם רבנס טאָכ־טער פון גרענד סטריט, איז שוין אַפילו קיין פאַנטשינע־וואַנט נישטאָ.

אַפּאַטאָשו האָט סוף־כּל־סוף צוזאַמענגענומען זיין גאַנצן באַ־גאַזש, זיין גאַלעריע העלדן פֿון די צוויי אַפּאָזיציאָנעלע שטראָמונ־גען, ער האָט די קאָנטראַסטן, וואָס האָבן דאָרט געפֿירט אַ שטענ־דיקע מלחמה צווישן זיך, דאָ צוזאַמענגעבראַכט. ער האָט צוזאַ־מענגעפֿירט דעם טאַטנס מיט דער מאַמעס צד און האָט זיי אי־בערגעבעטן, געמאַכט שלום צווישן זיי.

אין „אויף יענער זייט בריק", אין „ראָמאַן פֿון אַ פערד גנב" האָט אַפּאַטאָשון געלאָקט דער פֿעטער פֿון דער מאַמעס צד, וואָס האָט זיך געקענט אַרויפֿזעצן אויף אַ ווילדן אָגער און רייטן אויף אים, אים מאַכן טאַנצן אויף די הינטערשטע פיס; אי דער פעטער, דער כוואַט, אי דאָס צעפרייכטע פֿערד, האָבן געהאַט פֿאַרכאַפּט אַפּאַטאָשוס פֿאַנטאַזיע, פֿאַרכאַפּט נאָך ווען אַפּאַטאָשו איז געווען אַ יינגל. צום פּראָטעסט קעגן דער שטריימלדיקייט אין דער יידי־שער ליטעראַטור איז אים די פֿאַנטאַזיע צונויף געקומען. דער פֿע־טער פון טאַטנס צד, דער פעטער אדם, האָט אויסגעזען ביי אים נעבעכדיק, קליין, אַ קאַרליקל אין פֿאַרגלייך מיטן פֿעטער, וואָס האָט געקענט רייטן אויף אַ צעיושעטן אָגער. דער פעטער אדם, וואָס האָט אַ וואָך צייט נישט געדאַוונט כּדי צו זען וואָסער שינוי אין סדר העולם עס וועט פֿאַרקומען, אויב ער וועט אַ וואָך צייט נישט אָנטאָן טלית און תּפֿילין, דער דאָזיקער פֿעטער, וואָס איז נאָך דער דאָזיקער מוראדיקער וואָך געלאָפֿן אַ דערשלאָגענער צום רבין בעטן אַ תּשובה, דער פֿעטער אדם איז ביי אַפּאַטאָשון געווען אַ קליינער העלד; ס'איז נישט געווען מיט וואָס זיך צו גרייסן מיט אים און ס'האָט זיך נישט געלוינט אים צו מאָלן. די ליבע, די שוואַכקייט צו פֿערד, צו שוימענדיקע אָגערס, וואָס רייסן די ערד אונטער זיך, איז געוואָרן אַ טייל פֿון אַפּאַטאָשוס אונטער־וועלט. דאָס פּרימיטיוו־רויע, דאָס ברוּיזנדיק־געזונטע, דאָס אינס־טינקטיווע אין מענטש און אין דער חיה האָט שטאַרק אַפּעלירט צו אַפּאַטאָשון, וואָס איז געווען שטענדיק נאָענט צו דער ערד, צום וואַלד, צום פֿעלד, צו אַלע באַשעפֿענישן אַרום אים. ס'איז געווען אַ געפֿאַר, אַז נאָכן אָנשרייבן דעם „פֿערד גנב" זאָל אַפּאַטאָשו זיין גאַנצע קינסטלערישע ענערגיע פֿאַרשווענדן אויף מאָלן די אונטער־

וועלט און פֿאַרגעסן, פֿאַרטרייבן אין זיך יעדן פֿאַרלאַנג צוצולאָזן דעם פֿעטער אדמס צד, דעם טאָטנס צד צו זיין קינסטלערישער שפּע. אָפּאַטאָשו אַליין ווייסט פֿון דער געפֿאַר. נאָכדעם, ווי די קריטיק האָט אים באַשאָנקען מיט אַזויפֿיל לויב, האָט גערימט זיין אָריגינאַלקייט, זיין נייקייט אין אריינפֿירן אומבאַקאַנטע שטיקער לעבן אין דער יידישער ליטעראַטור, איז אָפּאַטאָשו געשטאַנען פֿאַר אַ גוואַלדיקן נסיון. „איך האָב געהאַט אַ פֿאַרטיקע קלישע; האָב געקענט גיין אויף אַן אויסגעטראָטענעם וועג, זיין זיכער אין מיין דערפֿאָלג, ווען כ'שרייב כסדר אין נוסח פֿון אָט־דער קלישע פֿון מיין ראָמאַן וועגן די פֿערד גנבים”, האָט אָפּאַטאָשו אונדז דערציילט; „אָבער דער דראַנג זיך אַ הייב צו טאָן העכער, ווי כסדר שרייבן וועגן דעם, אַז בערל האָט געגעסן, איז געשלאָפֿן, דער דראַנג איז געווען שטאַרקער ווי דער צוזאָג פֿון דער קלישע”.

שוין גאָר פֿרי האָט דער דאָזיקער דראַנג געפֿונען אַן אָפּ־קלאַנג אין אָפּאַטאָשוס שאַפֿן. אמת, ער האָט נאָך געמוזט צאָלן צינזן דעם פּראָטעסט אין זיך. מיר האָבן שוין אויבן אָנגעוויזן ווי די ירושה פֿון ביידע פֿאַמיליע־צדדים האָט זיך געראַנגלט אין אים און כאָטש ס'האָט געדויערט יאָרן פֿון אינערלעכן קאַמף, און כאָטש אָפּאַטאָשו האָט נאָך אַזש ביז קאָצק און אַפֿילו שפּעטער געלאָזט הויך און הילכיק הערן די שטימען פֿון זיינע אונטערוועלט פֿאַר־שוינען אין זיינע שאַפֿונגען, פֿונדעסטוועגן זעען מיר, ווי דעם טאָטנס צד געווינט בהדרגהדיק און זיכער די אויבערהאַנט אין זיין שאַפֿן. מעג אָפּאַטאָשו זיך אַליין און אונדז איבערצייגן, אַז אי אין דעם יידיש־אַריסטאָקראַטישן הויז /„אַליין”/, אי צווישן דער יידישער כמו־באָהעמע אין ניו־יאָרק /„היברו”/, אי אַוודאַי צווישן די טיפֿן פֿון ניו־יאָרקער געטאָ, אומעטום איז דאָ נישט נאָר אַ שמץ נאָר אַ גרויסע מאָס פֿון יענער תאווהדיק־אינסטינקטיוועו ברויזנ־דיקייט, וואָס באַהערשט זיינע העלדן פֿון זיינע ערשטע שאַפֿונגען; ער קען אַפֿילו אין קאָצקער הויף אָנווייזן אויף דער הערשאַפֿט פֿון תאווה, וואָס כאָטש זי איז פֿאַרשלייערט אין זיבן שלייערס פֿון סימבאָליק, בלייבט זי דאָך די זעלבּיקע אור־תאווה, וואָס רעגירט אָפֿן און נאַקעט אין דער סביבה פֿון די מער־פּרימי־

טיזוע פֿאַרשווינען, אין דער סביבה פֿון קונצנמאַכערס, פּראָסטע דאָרף־מיידן און סתם אונטערוועלט מענטשן; ער מעג נאָכמאָל און ווידעראַמאָל קינסטלעריש באַשטעטיקן דעם פֿאַקט אין איין ווערק נאָכן אַנדערן אָבער חוץ דעם פֿאַקט און איבער דער באַשטעטיקונג הייבט זיך ביי אים אַלץ בולטער אַרויס די טענדענץ צו ווייזן, אַז דאָרט, וואו תּאווה און אינסטינקט פֿילן כּמעט אויס דאָס גאַנצע לעבן פֿון דער אונטערוועלט סביבה, זענען די דאָזיקע אַטריבוטן פֿון מענטשלעכן זיין, זענען די אינסטינקטן בלויז אַ טייל, בלויז קליינע געציילטע מאָמענטן אינעם לעבן פֿון די וועמען ער האָט אַזוי לאַנג און פֿאַרעקשנט נישט געוואָלט צולאָזן צו זיין שעפֿערישן עמוד.

די אונטערוועלט אַמפּערט זיך, וויל נישט אָפּטרעטן איר פּרימאַגעניטור־ראָליע אין אָפּאַטאָשוס שאַפֿונג־גאַנג. דורך דער שמאָלסטער שפּאַרע, אין די אומגעבעטנסטע ערטער כאַפּן זיך אַריין דאָ און דאָרטן די שלמה קראַדניקס, די ליליס און חוהס, זיי באַווייזן זיך אַלע מאָל אין אַ נייער בחינה; זיי ווערן מער „אויסגעמענטשלט”, פֿאַרלירן אָפּט זייער פּרימיטיווע רויקייט, זייער בּראַוואַדאַ־פֿאַרביקייט. אין דער נייער סביבה, וואוהין אָפּאַטאָשו פֿירט זיי אַריין ווערן זייערע שאַרפֿע קאַנטן שטאַרק פֿאַררונדיקט. דזשייק, אין דער ניו־יאָרקער סביבה, איז עפּעס לייטישער ווי אַ היימישער „פּשאַ יוכאַ”, און אַפֿילו מאָריס איז שוין ווייט פֿון אַ שלמה קראַדניק; אָבער נישט נאָר ווערן די מאָריסעס, די דזשייקס, די אייביס, די פּאָלינס דאָ מער פֿאַראיידלט, מענטשלעכער, נאָר זרח און זיין טאָכטער רעגינע, וואָס קומען אַהער אויף איין שיף מיטן אָנגעזעענעם, חשובן באַלעבאָס פֿון שטאָט, דעם ערשטיקן יורד קופּעלט, אַפֿילו זיי זענען שוין נישט די אַמאָליקע קונצנמאַכערס און טענצערינס.

זרח און רעגינאַ, אין ראָמאַן „די טענצערין”, זענען שוין קונצנמאַכערס און טענצערינס, וואָס האָבן צעבראָכן, נאָך דאָרט, דעם צוים, וואָס האָט זיי געהאַלטן אָפּגעשיידט פֿון זייער אַרומיקער יידישער סביבה. אין רעגינאַן בליצט אַ פֿונק, מער ווי אַ פֿונק, פֿון אַ קינסטלערין, וואָס אָט־אָט וועט זי פֿון אַ סתם־טענצערין ווערן

אָן אָנגעזעענע טאַנץ־מייסטערין, אַ באַלערינע מיט אַ נאָמען אין דער טעאַטער וועלט און איר פֿאָטער זרח דער קונצנמאַכער קען שוין אויך רעדן מיט אַ מענטשן, קען אַריינוואַרפֿן אַ פסוק דאָ און דאָרט און פֿילט זיך גאַנץ היימיש אין דער מסיבה פֿון יידן בני תורה. דאָ אין לאַנד איז זרח צווישן זיינע שטאָט־מענטשן שוין גאָרנישט קיין נעבעכל. חוץ דעם, וואָס ער איז רעגינאַס טאַטע, אַ יחוס פֿאַר זיך אַליין, איז ער אַליין אויך אַן אבן־טוב אין דער לאַנדסמאַנשאַפֿט. זיינס אַ ווערטל ווערט געהערט אי מיט אַ שטיק דרך־ארץ, אי מיט פֿריידיקער דערפרישונג. צווישן אייבין דעם רייכן אייגנטימער פֿון טשיקן־מאַרקעט, צווישן וואָלפֿן, דעם רויען געזונטן יונג, וואָס איז דאָרט געווען אַ טייל פֿון דעם טרעגער און בעל־עגלה־משפחה, צווישן זיי איז זרח אַן אָנגעלייגטער גאַסט. פֿאַרן געוועזענעם שטעטלשן סוחר קופּעלט האָט מען שטיל דרך־ארץ און מ׳גרייסט זיך מיט אים אין דער סאָסייטי. אין דער שטיל באַטראַכט מען אים פֿאַר עפּעס אַ שוחט אַ שלימזל וועמען מ׳דאַרף געבן אַ „דזשאָב". פֿון זרחן האָט מען הנאה. ער איז פֿול מיט לעבן; ער איז רירעוודיק און פּיפּיק און האָט נאָך דערצו אַזאַ טאָכטער ווי רעגינאַ. און רעגינאַן האָבן ליב ביידע אי אייבי דער גביר, אי וואָלף דער „גרינער", וואָס אַרבעט ווי אַן אייזל ביי אייבין אין מאַרקעט. אייבי, וואָלף, זרח און רעגינאַ, זיי, פֿיר פֿאָרשטייער פֿון אַפּאַטאָשעס געוועזענער אונטערוועלט, זיי זענען אין ראָמאַן „די טענצערין" די הויפּט־מחותנים. אַרום זיי טוט זיך; זיי קערן וועלטן. און צווישן זיי, ווי גלייכע מיט גלייכע זענען אויך דאָ דער גרענד סטריט רבי, ר׳ אברהמל, זיין טאָכטער רחל, דער צדיק און פרוש ר׳ שבתי, זיין וואויל־געלערנטער זון פנחס און דער געוועזענער סוחר און היינטיקער שוחט קופּעלט. דער צונויפֿשמעלץ פֿון אונטערוועלט, רעגינאַ, זרח, אייבי, פֿון פּראָסטן שטייגער־מענטש וואולף, פֿון יידישער אַריסטאָקראַטיע, קופּעלט, פֿון דער גייסטיקער פֿירער־שאַפֿט, ר׳ אברהמל, ר׳ שבתי, רחל און פנחס, איז שוין דאָ פֿאַל־קאָם, איז שוין אינגאַנצן דערגרייכט אין ראָמאַן „די טענצערין", נאָר די אונטערוועלט איז שוין נישט די היימישע אונטערוועלט און די אַריסטאָקראַטיע און גייסטיקע היעראַרכיע איז שוין מער

נישט יענע היימישע, אָפּגעשלאָסענע און דערהויבענע וועלט.

דער אומאָפּיציעלער רבי ר׳ אברהמל איז עפּעס אַ „פּיעכאָט־נער״, אָפּגעבליאַקעוועטער רבי און ר׳ שבתי איז עפּעס אַ מאָד־נער שאָטן פֿון קאָצקער ר׳ מענדעלע, אַ שטיקל שאָטן אויך פֿון ר׳ איטשע מקובל.

אין אַמעריקע האָט אָפּאַטאָשו פֿאַרלוירן אי די פֿאַרבנרייכע סביבה פֿון דער היימישער אונטערוועלט אי די גייסטיק־שטאַרקע, די טראַדיציאָנעלע געהויבנקייט פֿון רבינס הויף, פֿון חסידות, פֿון חסידים בכלל. אָפּאַטאָשו האָט דאָ געוואָלט געבן אַ תּיקון אי ר׳ איטשען דעם מקובל, אי זיינע געוועזענע פֿאַרשוינען פֿון דער אונ־טערוועלט, אָבער ביידע זענען אַרויסגעקומען בלויז שוואַכע אָפּ־שפּיגלען פֿון היימישן אַמאָל. ער האָט געשלאָגן אַ שידוך צווישן די אַמאָליקע קריגערישע, קאָנטראַסטן־ווינקלען אין יידישן לעבן פֿון נעכטן אָבער ביידע אָפּאָזיציאָנעלע לאַגערן האָבן שוין לאַנג פֿאַרלוירן זייער אייגנאַרטיקן פּנים.

דער ראָמאַן „די טענצערין״ איז אַן אַמעריקאַנער יידישער ראָמאַן, וואָס גיט אונדז אַ בילד פֿון דער נייער יידישער געזעלשאַפֿט אין ניו־יאָרק פֿון דער צייט, ווען דער ישוב דאָ האָט זיך נאָך געהאַלטן אין אויסקריסטאַליזירן. אַלע סצענעס און געשעענישן אין ראָמאַן זענען געמאָלן מיט אַ לייכטן, דערציילערישן סטיל, אַ סטיל, וואָס איז אַ סך ענלעכער צו אָפּאַטאָשוס סטיל פֿון זיינע ראָמאַנען „אַליין״ און „היברו״, ווי צו די ראָמאַנען „אין פּוילישע וועלדער״ און ״1863״; וואו ער איז דאָרט, „אין פּוילישע וועל־דער״, געווען צימצומדיק־קאָמפּאַקט, איז ער דאָ באַרעדעוודיק־דער־ציילעריש, וואו ער איז געווען פֿאַרבנרייך בילדלעך, פּלאַסטיש, איז ער דאָ מער רעאַליסטיש־באָבאַכטעריש, וואו ער האָט דאָרט סובּ־טעל און קינסטלעריש געמישט ראָמאַנטיק מיט רעאַליזם, איז דער ראָמאַן „די טענצערין״, מיט קליינע אויסנאַמען, כּמעט אינגאַנצן געצויגן מיט רעאַליסטישע פֿאַרבן. אין דעם ראָמאַן, ווי אין „אַליין״, ווי „אין ניו־יאָרקער געטאָ״, קערט זיך וועלטן. געשעענישן לויפֿן קינאָמאָטאָגראַפֿיש שנעל, וויקלען זיך איינע אין דער אַנדערער; עס קומען פֿאָר ליבעס, מען האָט חתונה, מען פֿאַרראַט איינער דעם

אַנדערן; מען שטאַרבט, ווערט געהרגעט; אַפילו סטרייקן, פּרימי־טיווע, ערשטע סטרייקן באַוויזן זיך שוין אויף גרענד סטריט. און איבער די אַלע פּאַסירונגען, איבערן גרענד סטריט וועלטל הערשט דער גייסט פון רעגינאַן, דער טענצערין. זי איז דער צענטראַלער פּונקט אַרום וועלכן אַלץ דרייט זיך און באַוועגט זיך. זי טרייבט וואולפן צו אַרבעטן מיט איבערמענטשלעכע כּוחות ביי איבין אין טשיקן־מאַרקעט, אַרבעטן און זאַמלען געלט, זאַמלען געלט כּדי צו קענען ווערן אַזוי רייך ווי איבי, כּדי צו קענען אָפּקויפן איביס מאַרקעט און דערמיט קענען אַרויסרייסן רעגינאַן פון איביס אָרימס. איבי רואינירט זיך שיר פינאַנציעל, כּדי צו קענען אָנ־האַלטן פאַר רעגינאַן אַ מלכותדיקע היים, כּדי צו קענען אָנהאַלטן איר ליבע צו אים, אַ ליבע, וואָס איבי האָט געקויפט פאַר געלט. פנחס, דעם צדיק ר׳ שבתיס זון, פאַרגעסט אינגאַנצן אין טאַטן, פאַרגעסט אין אַלץ אַרום אים, אין לערנען, אין שטודירן. ער זעט בלויז רעגינאַן און ער שפּאַנט איין זיין גאַנץ ביסל ענערגיע אַרויסצורייסן רעגינאַן פון איביס נעגל פון טומאה. רחל, דעם רבּינס ר׳ אברהמלס טאָכטער, האַלט אַן אויג אויפן געזונטן, מגושמ־דיקן וואולף, און זי וואַרט אויפן מאָמענט, ווען וואולף וועט איינ־זען, אַז די צעווילדעוועט־אויסגעלאַסענע, צעפּעשטשעטע טענצע־רין איז נישט פאַר אים. וואולף וועט איר, רחלען, דערזען, און ער וועט פאַרגעסן רעגינאַן, וועט איינגיין אויפן שידוך, מיט איר טאַטן דעם רבּין פאַר אַ מחותּן איידער זרחן דעם קונצענמאַכער פאַר אַ שווער. זי דערוואַרט זיך אויפן נחת; וואולף דער נייער אייגנטימער פון איביס טשיקן־מאַרקעט ווערט דעם רבּינס פון גרענד סטריט אַן איידעם. און רעגינאַ בלייבט סיי־ווי נישט ביי איבין. פנחס, ר׳ שבתי דעם צדיקס זון, טרעפט זיך מיט איר אין אַ קאַבאַרעט און אַנטלויפט מיט איר ערגעץ אין די וועלדער, וואו דער צדיק האַלט זיך אויף אין הייל שוין אַ לענגערע צייט. נאָכן פאַרברענגען אַ נאַכט מיט רעגינאַן אין וואַלד, גייט פנחס מיט איר לעבן די רעלסן פון אַ באַן, וואָס לויפט דאָרט פאַרביי און זיי געפינען דעם צדיקס קער־פּער אַ צעשניטענעם אין צוויי[ע]ן ליגן אויף די רעלסן.

דערמאָנט אונדז רעגינאַס אַנטלויפֿן מיטן היגן „סטודענט״ די מעשה פֿון שרקהלעס אַנטלויפֿן דורכן פֿענצטער מיטן סטו־דענט קראַנענבערג אינעם ראָמאַן „אַליין״, און ר׳ שבתי איז מער ווי אַ דערמאָנונג פֿון ר׳ מענדעלע קאַצקער. שבתי דאַרף זיין אַ מין נייער קאַצקער, אַן אַמעריקאַנער קאַצקער און דער רבי ר׳ אברהם מיט זיין גאַנצער תמימות דאַרף זיין אַן אַמעריקאַנער ר׳ איטשע מקובל. אָבערביידע זענען בלויז ווייטע בלוט־קרובים פֿון יענע ריזיקע געשטאַלטן, וואָס מיר געדענקען פֿון „אין פּוילישע וועלדער״.

דער קאַצקער האָט זיך באַהאַלטן אין זיין חדר, האָט געטריבן חסידים פֿון זיך, האָט פֿיינט געהאַט מענטשן, האָט געהייסן די תלמידים, די חסידים זיינע, שרייען „די וועלט שטינקט״. דער צדיק ר׳ שבתי האָט אויך פֿיינט מענטשן, אַנטלויפֿט פֿון זיי, פּראַ־ווּעט התבודדות אין אַ הייל אין וואַלד. דער קאַצקער האָט נישט געוואָלט קיין קוויטלעך און ר׳ שבתי וויל אויך נישט קיין קוויטלעך. דעם קאַצקערס שמש און באַגלייטער איז געווען ישראל דער באָר־וועסער. ר׳ שבתיס שמש איז משה דער באָרוועסער. אויסערלעך זענען דאָ פּאַראַלעלן צווישן ר׳ מענדעלען און רב שבתין, אָבער מער ווי די אויסערלעכע שטריכן, מער ווי די אויבנאויפֿיקע צו־פֿעליקע ענלעכקייטן בינדט גאָרנישט צונויף ר׳ מענדעלען מיט ר׳ שבתין, ר׳ איטשען מיט ר׳ אברהמען, ישראל דעם באָרוועסן מיט משהן דעם באָרוועסן, מיט זיין גאַנצן ווילן, מיט זיין גאַנצער אָנ־שטרענגונג, מיטן גאַנצן קינסטלערישן פֿלייס, וואָס אָפּאַטאָשו פֿאַרמאָגט, האָט זיך אים נישט איינגעגעבן אַריבערצופֿירן קאָצק קיין ניו־יאָרק. ניין, נישט קאָצק נאָר אַפֿילו קיין עכאָ פֿון קאָצ־קער הויף, קיין אָפּשיין פֿון יענער סביבה איז נישטאָ. אָפּאַטאָשו האָט זיך פֿאַרבענקט נאָך קאָצק, האָט ער געוואָלט דאָ אויפֿשטעלן, אויפֿ־בויען אַ ווינקל, וואו ער זאָל זיך קענען אַ וואַרעם טאָן אינעם ליכט, וואָס האָט אַמאָל אַרויסגעשטראַלט פֿון יענעם הויף, ליכט, וואָס ער האָט בימי קאָצק איר וואַרעמקייט און לויטערקייט נישט געוואָלט באַנעמען, אָט נאָך דער ליכט האָט ער איצט געבענקט, אָבער אויף גרענד סטריט, אין די ניו־דזשוירזי וועלדער האָט ער געפֿונען בלויז

אַ שאָטן פֿון יענעם גרויסן ליכט, וואָס האָט אַרויסגעשטראַלט אי פֿון קאָצקער, אי פֿון זיין הויף. אָפּאַטאָשו האָט זיכער געוואוסט, אַז קיין ר׳ מענדעלעס, קיין ר׳ איטשעס, קיין ישראל באָרוועסער קען נאָך נישט אַרויסוואקסן, קען נאָך נישט געדייען אין דער נייער, אין דער פֿריש־צעאַקערטער און פֿאַרזייטער אַמעריקאַנער סביבה. ער האָט עס געוואוסט און ער האָט פּרובירט בלייבן געטריי דעם קינסטלערישן אמת. ווען ער וואָלט פֿון ר׳ שבתין געמאַכט אַ ר׳ מענדעלע וואָלט ער אָפּגעווייכט פֿון אמת. צוליבן אמת איז רב שבתי אַרויסגעקומען נישט דאָס, וואָס אָפּאַטאָשו האָט געוואָלט זען דאָ, אַרויסגעקומען נישט דאָס נאָך וועלכן ער האָט געבענקט. ער איז אַרויסגעקומען אַזוי ווי עס זעען אויס אין ניו־יאָרק אַ סך אַזעלכע רביס און צדיקים, וואָס פּרובירן זיין רביס, פֿירן טיש, אָנהאַלטן הויף־שטאַט און ס׳גיט זיך זיי נישט איין.

ווען אָפּאַטאָשו וואָלט אין ראָמאַן „די טענצערין" נישט אַריינגעפֿירט ר׳ שבתין און ר׳ אברהמען וואָלט דער ראָמאַן געווען נאָך אַ ווערק וועגן ניו־יאָרקער יידישן לעבן, ווי „אין ניו יארקער געטאָ" איז געווען. ס׳וואָלט געווען אַ ווייטערדיקער קאַפּיטל אין דער געשיכטע פֿון דער אַנטוויקלונג פֿון ניו־יאָרקער יידישן ישוב. אָבער אָפּאַטאָשון איז געגאַנגען אין לעבן צוזאַמענצופֿירן, מתחתן צו זיין דעם געוועזענעם אונטערוועלט מיט דער יידישער גייסטיקער אַריסטאָקראַטיע. האָט ער אַריינגעפֿירט ר׳ שבתין און האָט אים געגעבן אַ זון פּנחס, וואָס פֿאַרליבט זיך אין דער טענצערין רעגינאַ, וואָס איז זרח דעם קונצנמאַכערס טאָכטער, זרחס, דעם אונטערוועלט מענטש פֿון דער היים; ער האָט אַרויסגעפֿירט ר׳ אברהמען און האָט אים באַשאָנקען מיט אַ טאָכטער רחל, וואָס האָט חתונה מיטן טרעגער־יונג וואולף, וואָס איז אויך נישט מער ווי דער פּראָסטער דאָרף־ייד פֿון דער היים, דער פּשוטער עם־הארץ, וואָס איז דאָ דערהויבן געוואָרן צו דער מדרגה פֿון זיין אַן אייגנטימער פֿון אַ „טשיקען מאַרקעט" און דערמיט איז ער שוין ראוי צו ווערן אַן אידים פֿון רבין ר׳ אברהם.

דאָ איז אַמעריקע און דער יחוס פֿון דערהיים ווערט דאָ פֿאַרווישט מיטן כּוח פֿון געלט. אַלע קאַסטעס, אַלע געזעלשאַפֿטלעכע

גרעניצן, וואָס האָבן געשאַפן אַ מחיצה צווישן איין שטאַנד און דעם אַנדערן דאָרט, זענען דאָ מער נישטאָ.

דאָס האָט אָפּאַטאָשו געוואָלט באַווייזן און דאָס האָט ער באַוויזן אין ראָמאַן „די טענצערין".

די ברייט פון דער קאַנווע אויף וועלכער דער ראָמאַן איז געמאָלן איז ברייטער ווי עס זענען געווען די קאַנוועס אין זיינע פריערדיקע ראָמאַנען; טיפער און דערהויבענער, קינסטלעריש רייפער און מער גאַנץ זענען זיכער, זענען אָן ספק, אי זיינע ראָמאַנען „אין פוילישע וועלדער" און „1863" אי אַפילו זיין ראָמאַן פון אַ „פערד גנב".

מיט דעם ראָמאַן האָט אָפּאַטאָשו אָפּגעצאָלט זיין לעצטן, גרעסערן חוב זיין מאַמעס ירושה. ער האָט דאָ אָפּגעשלאָסן דאָס ויתרוצצו קאַפּיטל אין אים. די חתונה צווישן די צדדים איז פאָרגעקומען, איצט קען ער שוין איבערלאָזן כלהס צד אינגאַנצן און זיך ווידמען צו חתנס צד. פון איצט אָן וועט חתנס צד פאַרנעמען דעם אויבנאָן אין זיין שאַפן. ער וועט זיין קינסטלערישע ענערגיע, זיין געשליפענעם טאַלאַנט, זיין התמדה, אַלע זיינע שעפערישע פעאיקייטן אַוועקשענקען דעם טאַטנס ירושה, און דער פעטער אדם, וואָס האָט אַ וואָך צייט נישט געדאַוונט, כדי צו זען וואָסער שינוי עס וועט פאָרקומען אין סדר העולם, דער פעטער, ביזן זיידן, ביזן עלטער זיידן, ביז ר' מאיר פון טאַנהויזן, זיי וועלן פון איצט אָן שפרייזן פריי און אומגעשטערט אין דער העלדן־וועלט, וואָס אָפּאַטאָשו וועט איצט, נאָכן ראָמאַן „די טענצערין", פורעמען און געשטאַלטיקן, שאַפן מיט ליבע, מיט אַ געניטער האַנט, מיט אַ קלאָרן באַוואוסטזיין.

עס איז אַ גרויסער מהלך פֿון ניו־יאָרק ביז רעגענסבורג, פֿון דער טענצערין ביז אליהו בחור, אָבער דער קינסטלער קען מיטן כּוח פֿון זיין פֿאַנטאַזיע אָפּשאַפֿן דיסטאַנץ, אַפּווישן צייט, קען מאַכן אַן עקסקורסיע אין דער פֿאַרגאַנגענהייט אַריין און זיך דאָרט פֿילן אַזוי היימיש ווי ביי זיך אין דער היים. וואָסער באַדייט האָבן פֿאַרן קינסטלער אַ פּאָר הונדערט יאָר? מענטשן זענען שטענדיק געווען מענטשן און אַ ייד אין רעגענסבורג פֿון 15־טן, 16־טן יאָרהונדערט איז נישט געווען קיין סך אַנדערש, ווי אַ ייד פֿון מלאָווע אין 19־טן, 20־טן יאָרהונדערט. דער קינסטלער דאַרף זיך נאָר גוט באַקענען מיט יענער סביבה, פֿאָרשן דעם אַמאָליקן שטייגער לעבן, די שפּראַך פֿון זיינע העלדן פֿון נעכטן, שטודירן זייערע אויסערלעכע מאַניערן, זייערע שפּיזן און קליידער, און ער קען גלייך צומרעטן לעבעדיק צו מאַכן אַ פּעריאָדע, וואָס איז ביז אים געווען בלויז געשיכטע, בלויז פּובליציסטישער פֿאַקט.

אַפּאַטאָשו האָט זיך פֿאַרבענקט נאָכן ייד, וואָס האָט זיך אין די אוונטן ערגעץ־וואו אין רעגענסבורג, אין וואָרמס, אין שפּייערן, האָט זיך אַוועקגעזעצט און האָט זיך צוגעהערט צום אייגנאַרטיקן ייִדישן שפּילמאַן, וואָס האָט רעציטירט „אַ שיין מעשה פֿון קיניג אַרטורס האָף", וואָס האָט פֿאַרגעלייענט די אינטערעסאַנטע ביבל עפּאָסן, די עפּאָפּייע פֿון דוד און יונתן, האָט אויסגעזונגען אין נוסח פֿון די ניבעלונגען, פֿון אַנדערע מיטלאַלטער פּאָעמעס דאָס געזאַנג פֿון „שמואל בוך", האָט רעציטירט שטיקער פֿון אליהו בחורס „בבא בוך", פֿון זיין „פּאַריז און וויענה". אַפּאַטאָשו האָט זיך פֿאַרבענקט נאָך די טעג, ווען יידיש־לשון האָט אָנגעהויבן קריגן בלוט און פֿלייש, אייגנאַרטיקייט. אים האָט זיך פֿאַרגלוסט צו זיין אין רעגענסבורג, שטיין ביים וויגעלע פֿון דער יידישער שפּראַך; הערן ווי יידן האָבן גערעדט מיטן טייטש חומש, מיטן צאינה וראינה לשון. אַפּאַטאָשוס מוטער האָט געלייענט שבת דעם טייטש־חומש אויף פּויליש, אָבער אין איר פּויליש אַפֿילו האָט אַפּאַטאָשו געהערט די שפּראַך פֿון וואָרמס, פֿון שפּייער, פֿון רעגענסבורג, די שפּראַך, וואָס יידן האָבן דעמאָלט גערעדט. אים האָט זיך פֿאַרבענקט אַ קוק צו טאָן אין הויז פֿון איינעם פֿון זיינע אור־זיידעס פֿון

טאָטנס צד, אין הויז פֿון ר' מאיר פֿון טאַנהויזן, וואָס האָט געלעבט אין די טעג, ווען דער גרויסער שפּראַכן־קענער, דער בעל מדקדק און דיכטער אליהו בחור האָט געלעבט.

גייסטיק איז ער שוין לאַנג געווען שטאַרק צוגעבונדן צו זיין אָפּשטאַם, וואָס ציט דעם יחוס ביז אָט דעם דאָזיקן ר' מאיר פֿון טאַנהויזן. אין „די טענצערין" האָט ער דער מאַמעס צד אָפּ־געצאָלט דעם לעצטן קינסטלערישן חוב. איצט האָט ער מיט אַלע רמ"ח אברים און שס"ה גידין זיך געקענט פֿאַרטיפֿן אין דער צייט פֿון וועלכער ער ציט זיין יחוס, זיין פֿאַמיליע־יחוס און זיין קינסט־לעריש־שפּראַכלעכן יחוס. אָפּאַטאָשו, דער מייסטער פֿון יידישן וואָרט, אָפּאַטאָשו, וואָס האָט ליב צו פֿילן דעם טעם, דעם ריח פֿון וואָרט, דעם קלאַנג זיינעם, אָפּאַטאָשו האָט געמאַכט אַ שפּאַציר אין דער פֿאַרגאַנגענהייט אַריין און ער האָט צוגעלייגט דעם אויער און האָט זיך צוגעהערט צום קלאַנג פֿון וואָרט בעת דאָס וואָרט איז נאָך געווען אין זיין קינדהייט, אין זיין פֿריסטער יוגנט. מיט ביידע פֿיס האָט אָפּאַטאָשו זיך אַ שטעל געטאָן אין אַמאָליקן רע־גענסבורג. ער האָט זיך דאָרט געזוימט אַ טאָג: „אַ טאָג אין רעגענסבורג". ער האָט אויך פֿאַרבראַכט אַ שטיקל צייט מיטן פֿאָטער פֿון דער ליטעראַטור אויף יידיש, מיט „אליהו בחור", און אָפּאַטאָשו האָט דאָרט אַ סך געהערט, אַ סך געזען און ער האָט אונדז געגעבן די צוויי ווערק, די צוויי געשיכטלעכע בילדער: „אַ טאָג אין רעגענסבורג" און „אליהו בחור".

„אַ טאָג אין רעגענסבורג", ווי „אליהו בחור" זענען קאַפּיט־לעך יידישע קולטור אָדער ליטעראַטור־געשיכטע, וואָס זענען קינסטלעריש באַלעבט געוואָרן, וואָס זענען געוואָרן היימישלעך־נאָענט דערפֿאַר, ווייל אָפּאַטאָשו האָט אַרויסגעפֿירט פֿאַר אונדז אַ גאַלעריע מענטשן, וואָס האַנדלען און רעאַגירן אויף געשעענישן אַרום זיך, ווי עס האַנדלען היינט פֿול־בלוטיקע מענטשן אין אַן ענלעכער סיטואַציע. אמת איז, אַז אָפּאַטאָשו האָט אין די ראַמען פֿון די קורצע אַרבעטן נישט געקענט אַרומנעמען די גאַנצע סביבה, נישט געקאָנט מאָלן אַלץ, וואָס זיין אויג האָט געקענט זען אין אַן איינטאָגיקן באַזוך. אָפּאַטאָשו האָט דאָ געשילדערט בלויז איין

ווינקל און בלויז געציילטע מענטשן פֿון יענעם ווינקל פֿון יידישן לעבן פֿון יענער צייט. ער איז געגאַנגען באַזוכן דאָס יידיש־לאַנד, די יידישע באַהעמע, די שפּילמענער, וואָס האָבן אָנגעהויבן געבן יידיש־לשון פֿאָרם און אינהאַלט. איז אים געגאַנגען אין דעם, אַז מיר זאָלן הערן ווי אַזוי די יידישע שפּראַך איז גערעדט געוואָרן אין די טעג, ווען דער טייטש־חומש האָט שוין געהאַלטן ביים גע־בוירן ווערן, ווען די מוסר־ספֿרמלעך פֿאַר ווייבער און פּראָסטע יידן האָבן זיך שוין געהאַלטן אין שאַפֿן, ווען די „הילדעבראַנט" סטראָפֿן פֿון „שמואל בוך" זענען געהערט געוואָרן אין די גאַסן. פֿירט אונדז אָפּאַטאָשו אַוועק אין אַ שול־הויף, צו אַן אַלטן „רע־גענסבורגער בית המדרש". ער באַקענט אונדז דאָרט מיט בעטלער, מיט קאַליקעס, מיטן אַלטן שמש יעקיל; ער באַקענט אונדז אויך מיטן מחבר פֿון וואונדערבאַרן עפּאָס „דאָס שמואל בוך", מיט ר' לייבן פֿון רעגענסבורג. צי ר' לייב איז טאַקע דער דיכטער פֿון דעם ווערק, צי נישט איז דאָ נישט וויכטיק. מיר דאַרפֿן דאָ נישט זוכן קיין געשיכטלעכע אויטענטישקייט. ר' לייב איז דאָ און מיר הערן אים רעדן אין דער שפּראַך פֿון בוך, אין דער שפּראַך אין וועלכער די מייסטערדיקע „הילדעבראַנט" סטראָפֿע פֿון „שמואל בוך" איז געשאַפֿן געוואָרן.

מיר באַקענען זיך מיט דער גאַנצער יידישער פֿריילעכער אָרעמקייט פֿון יענער צייט; מיר הערן מער ווי מיר זען, מיר זען מער ווי מיר פֿילן.

אָפּאַטאָשו גיט אונדז דאָ מער פֿאַרב ווי געפֿיל, מער קאָליר, מער אויסערלעכקייט ווי דאָס אינעווייניקסטע. „אַ טאָג אין רעגענס־בורג" איז בכלל מער אַ געמאָל, אַן עקזאָטישער געוועב, אַ פֿאַרבנ־רייכער טעפּיך ווי אַ דערציילונג. קלאַנג און פֿאַרב זענען די פּרע־דאָמינירנדיקע שעפֿערישע עלעמענטן, וואָס אָפּאַטאָשו באַנוצט דאָ. מיר לייענען די אַרבעטן און מיר האָבן אַ געפֿיל, אַז מיר זעען פֿאַר זיך עפּעס אַן אַלטן מאָזאאיק, וואָס איז אויסגעשטעלט מיט אַ געניטער האַנט, וואָס פֿאַרכאַפּט דאָס אויג צוליב דער האַרמאָ־ניע פֿון קאָלירן.

„אַ טאָג אין רעגענסבורג“ און „אליהו בחור“ זענען ווערק אויף וועלכע אָפּאַטאָשו האָט מיט אַ ברייטער האַנט גענוצט זיין מייסטערשאַפט פון שפּראַך, זיין אייגנאַרטיקייט פון סטיל. די מאַלעריי־קונסט שטייגט דאָ ווייט אַריבער די דערציילקונסט. אָפּאַטאָשו האָט אַוועקגעשפּרייזט קיין רעגענסבורג און האָט פון דאָרט געבראַכט אַ פּרעכטיקן פּאָרטרעט פון וועלכן עס קוקן אויף אונדז אַראָפּ עקזאָטישע יידן, בעטלערס, פידל־שפּילערס, כלי־קודש, מחברים פון אַלטע ווערק און איבערן פּאָרטרעט, און שאַרפער ווי די פּנימער פון די מענטשן אויפן פּאָרטרעט, הערן מיר זייערע שטימעס, זייער שפּראַך, וואָס איז די שפּראַך פון דער מאַמעס טייטש־חומש, פון אַלט־פּרענקישן רבינס פּאַרטייטשן אַ פּסוק תנ״ך, פון בריוונשטעלער, וואָס האָט זיך ווי אַ יתום געוואַלגערט ערגעץ אויף אַ פּאַרשטויבטער פּאָליצע צווישן דער מאַמעס מעשה־ביכלעך. אַ בלעטל יידישע ליטעראַטור־געשיכטע איז דאָ באַלעבט געוואָרן, געוואָרן רעקאָנסטרואירט, איז געוואָרן באַקלײדט מיט דער פּאַרבנרייכער הלבשה פון שטייגער, פון מנהגים פון קלאַנג און זשעסט. דאָס צו דערגרייכן האָט אָפּאַטאָשו געמוזט אָנווענדן זיין גאַנצע התמדה, זיינע ענערגיש־פּאָרשערישע נייגונגען, זיין ליבע צו דער יידישער שפּראַך, צום יידישן היינט, ווי צום יידישן אַמאָל.

די טענדענץ זיך צו פֿאַרטיפֿן אין אונדזער נעכטן, אָװעקצו־שפּרייזן אין דער יידישער געשיכטע און דאָרט זוכן שטאָפֿן פֿאַר זיין קינסטלערישן שאַפֿן, די טענדענץ איז שוין לאַנג געװען בײַ אָפּאַטאָשון. דאָס טאָג־טעגלעכע, דאָס היינטיקע, די קעגנוואָרט האָט אָפּאַטאָשו געמאָלן מיט יוגנטלעכן ברען, מיטן כּוח פֿון פּראָטעסט אין אים, וואָס האָט געפֿאָדערט ער זאָל געבן אַ תּיקון די פֿאַר־וואָרלאָזטע ווינקלען פֿון יידישער אונטערוועלט, די אונטערוועלט, וואָס האָט אים אַזוי שטאַרק אימפּאָנירט. אָבער באַלד נאָכדעם ווי אָפּאַטאָשו איז פֿאַרטיק געוואָרן מיטן ברענשטאָף אין אים, אַזוי שנעל, ווי ער האָט זיך באַפֿרייט פֿון זיין יוגנטלעכן באַגאָזש, האָט ער פֿאַרוואָרפֿן אַ בליק אויף הינטער זיך און עס האָבן אים אָנ־געהויבן צו לאָקן די העלדן און געשעענישן, וואָס האָבן געשאַפֿן אונדזער הערלאָישע געשיכטע. און אָפּאַטאָשו האָט זיך אַ קערעווע געטאָן צום נעכטן און ער האָט דאָרט דערזען וויס־טעס, וואָס האָבן פֿאַרכאַפּט זיין אויג.

אָפּאַטאָשו איז נישט אָוועק ווייט אין אונדזער געשיכטע. ער האָט אין אָנהויב בלויז אַ מיש געטאָן די זייטן פֿון געשיכטע־בוך, איז געבליבן שטיין אין מיטן ניינצנטן יאָרהונדערט, און האָט פֿון דאָרט גענומען איינעם אָדער צוויי עפּיזאָדן, גענומען אַ פּאָר העלדן און האָט זיך אַליין צוגעשפּאַנט צו זיי. די צייט, וואָס ער האָט געמאָלן „אין פּוילישע וועלדער" און „1863" איז געווען אַ צייט אַזאַ וואוהין ער האָט גרינג געקענט פּראָיעקטירן, אַריבער־טראָגן זיין אייגענע פּערזענלעכקייט. כאָטש אָפּאַטאָשו אַליין האָט אין יענע טעג נישט געלעבט אין גוף, איז אָבער די אידייען־וועלט, דער אידייען־געראַנגל געשטאַנען נאָענט ביי דער שוועל פֿון היינ־טיקן יאָרהונדערט. מרדכי־אָפּאַטאָשו איז נישט קיין פֿרעמדער, נישט קיין סתם צוהערער און צוזעער צו די געשעענישן, וואָס ווערן געמאָלן אין די ראָמאַנען. אי אין קאָצקער הויף, אי צווישן די אויפֿ־שטענדלערס פֿילט זיך אָפּאַטאָשו היימיש; ער מאָלט טאָקע אַ קאַ־פּיטל געשיכטע אָבער דאָס קאַפּיטל געשיכטע איז נאָך נישט פֿאַר־פֿיקסירט און אָפּגעשלאָסן, איז נאָך נישט קאָנאָניזירט אַפילו אין די טעג, ווען אָפּאַטאָשו איז שוין געווען אַ בחורל, וואָס האָט

געקענט הערן און באַנעמען. דער טאַטע, די פֿעטערס און די זיי־דעס האָבן גערעדט אי וועגן קאַצקער, אי וועגן אויפֿשטאַנד, חוץ מחותּנים פֿון אַן אייגענער חתונה. יוסף אָפּאַטאָשוס אָנגעשפּיצטער נייגער האָט אים נישט איינמאָל צוגענאָגלט צום זיידנס מעשׂות, צום פֿעטער אדמס בילדער וועגן קאָצקער און זיין הויף. געשיכטע איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין היינטצייטיקייט ווען אָפּאַטאָשו האָט זיך געזעצט שרייבן זיינע ראָמאַנען „אין פּוילישע וועלדער“ און „1863“.

ווען אָפּאַטאָשו איז פֿאַרטיק געוואָרן מיט דעם נאָענט היימישן קאַפּיטל געשיכטע האָט זיין בליק זיך אַ צי געטאָן ווייטער, האָט זיין וויזיע זיך געשפּרייט צו טעג אַזעלכע, וואָס נישט דער פֿעטער, נישט דער טאַטע און נישט די זיידעס האָבן געדענקט. אָפּאַטאָשו איז אַוועק אויף אַ ווייטערער עקסקורסיע אין דער פֿאַרגאַנגענהייט אַריין. פֿון קאָצק איז ער אַוועק צום מיטלאַלטער, צום 15־טן, 16־טן יאָרהונדערט, אַוועק קיין רעגענסבורג און האָט זיך דאָרט אַ קוויק געטאָן מיט יידיש, וואָס האָט אָנגעהויבן צו בליען, וואָס האָט אָנגעהויבן צו באַהערשן דעם לייענער־קרייז, וואָס האָט קיין העברעאיש נישט געקענט, האָט נישט געהאַט קיין צוטריט צו די שווערע ספֿרים. דער יורש, וואָס האָט די יידיש־ירושה אַזוי באַ־רייכערט און פֿאַרפֿאָלקאָמט האָט זיך פֿאַרבענקט נאָך זיינע אור־פֿאָרגייערס. ער האָט זיי אָפּגעשטאַט אַ וויזיט, האָט פֿאַרבראַכט מיט זיי אַ טאָג, אַ פּאָר טעג, און איז געקומען צוריק מיט אַ מאָ־זאַאיק, אַ פּרעכטיקן מאָזאַאיק יידיש, שפּראַך־געשיכטע, ליטעראַ־טור־געשיכטע. וואָלט אָפּאַטאָשו דאָרט געבליבן לענגער, וואָלט זיין אויג זיך אינטערעסירט מיט אַ ברייטערן אַרום ווי דעם, וואָס ער האָט געוואָלט זען, וואָלט אַרויסגעוואַקסן ביי אים אַן אליהו־בחור־ראָמאַן, אַ ראָמאַן, וואו רעגענסבורג און איר יידישע סביבה וואָלט געקראָגן פֿולע געשטאַלטונג, אַ פֿולבלוטיק לעבן. אָבער רעגענסבורג איז ביי אָפּאַטאָשון געווען בלויז אַ צייטווייליקע סטאַנ־ציע, דאָרט איז ער געווען אַ גאַסט, אים האָט געלאָקט, אים האָט שוין דעמאָלט געכישופֿט אַ פּונקט, וואָס איז אַ סך ווייטער אין צייט און אין רוים ווי רעגענסבורג. אים האָט געצויגן פֿון וויגעלע פֿון יידיש צום הויפּט־קוואַל פֿון יידישקייט. דער ווייטער אַמאָל,

די וואָרצלען פֿון אונדזער שטאַרקייט, פֿון אונדזער אויסדויער, די וואָרצלען פֿון אונדזער קיום און נצחדיקייט האָבן מיט מאַגנעטישער קראַפֿט אים געשלעפּט, אים געכּישופֿט, אים גערייצט.

אָפּאַטאָשו לאָזט איבער רעגענסבורג, געזעגנט זיך מיט אליהו בחור און כאַפּט זיך אַריבער מיט דער פֿאַנטאַזיע בלויז, אַזש קיין ארץ־ישראל. קומט אַהין אויך צייטווייליק, בלייבט נעכטיקן אין אַ גאַסט־הויז, אין דעם לעבעדיק־פּולסירנדיקן גאַסט־הויז, אין שענקל, אין וויין־קעלער, אָדער אין דער קרעטשמע „פּונדקא רטיבתא".

צו־וואָס איז אָפּאַטאָשו געקומען אַהין? וואָס עפּעס נעכטיקן אין אַזאַ מין קרעטשמע? איז טאַקע אָפּאַטאָשו אויסן געווען צו מאָלן אַ קרעטשמע פֿון די צייטן פֿון נאָכן חורבן בית שני? צוליב דעם האָט ער אַ שפּאַן געטאָן פֿון רעגענסבורג אַזש קיין ארץ־ישראל?

די „פּונדקא רטיבתא" איז געווען בלויז אַ תּירוץ. געקומען איז אָפּאַטאָשו אויסצושפּיאָנירן דאָס גאַנצע לאַנד. ער איז געקומען זיך באַקענען מיט ר' עקיבאן, מיט דער סביבה, וואו ר' עקיבא האָט געלעבט. ער איז געקומען אויסקוקן דאָס לאַנד, זיך באַקענען מיט די מענטשן, מיט די יידן, וואָס האָבן שפּעטער מיט זיך צו־זאַמענגעשטעלט יענעם גרויסן העראָאישן כּוח, וואָס האָט זיך אַזוי מסירת־נפֿשדיק קעגנגעשטעלט די מעכטיקע רוימישע אימפּעריע. אין דער „פּונדקא רטיבתא" האָט אָפּאַטאָשו געהאָפּט זיך צו באַגעגענען פּנים־אל־פּנים מיטן קווערשניט פֿון יידישן מאַסן־מענטש, וואָס איז שפּעטער פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מאַרטירער־עדה, וואָס האָט אונטער דער גייסטיקער השפּעה פֿון ר' עקיבאן געקעמפּט מיט אַזאַ לייבן־שטאַרקייט קעגן דעם אומצאָליקן, באַוואָפֿנטן שונא.

אָפּאַטאָשו האָט אין דער „פּונדקא רטיבתא" געזוכט דעם סוד פֿון דער גייסטיקער גבורה פֿון יידישן פֿאָלק, די גבורה וואָס ציט זיך נאָך ביזן היינטיקן טאָג. איז ער געקומען אַהין, איז געווען אין דער פּונדקא, האָט זיך באַגעגנט מיט קעמל־טרייבערס, מיט קאַראַ־וואַנען־פֿירערס, מיטן שענקער, מיט דער שענקערקע, מיט סתּם יידן און מיטן עקזאָטישן, אָבער לעבעדיק־געמאָלענעם יצחק סחורה, וואָס איז אַ מענטש, וואָס האָט אין זיך די אייגנשאַפֿטן פֿון אַ

„טרעוולינג סיילסמען", אַ שדכן, אַ הויז־פּריינט, אַ לץ, אַ סוחר, אַ שטיקל משולח, און דער עיקר, אַ פּולבלוטיקער מענטש, אַ שפּרודל־דיק, קאָלירפולער „גרומעי", וואָס איז אַ וואַזשנער מבין אי אויף אַ געבראָטן הינדל, אי אויף אַ צאַפּלענדיק „הינדל", וואָס מען קען נאָך וועטשערע קריגן אין דער פרייליכער פונדקא.

פון „אַ טאָג אין רעגענסבורג" האָט אָפּאַטאָשו מיטגעבראַכט אַ פּרעכטיקן מאָזאַאיק אויף וועלכן עס זעען זיך ווייט אין היג־טערגרונט יידישע טיפּן פון יידיש־דייטשישן מיטלאַלטער; פון ארץ־ישראל איז אָפּאַטאָשו געקומען מיט אַ רייך לעבעדיקן, אָריענטאַ־ליש־יידישן טעפּיך, וואו עס שטייט אין פאָדערגרונט דאָס לעבע־דיקע געשטאַלט פון יצחק סחורה, וואָס האַלט אַן אויסגעהוילטן שפּאַציר־שטעקן אין וועלכן ער טראָגט אַרום פיינע איידל־שטיינער, וואָס ער פאַרקויפט די יידיש־אַריסטאָקראַטישע מעטרעסעס, וועלכע ער קומט באַזוכן, ווייל ער האָט אָדער אַ חתן פאַר זייערע טעכטער, אָדער אַ כלה פאַר זייערע זין.

אָפּאַטאָשוס חוש פאַר רעאַלקייט, זיין ליבע צו פאַרב, קלאַנג, און ריחות, דינט אים דאָ צום בעסטן. נישט נאָר מאָלט ער די פונדקא, די מענטשן, נישט נאָר הערן מיר זייער שפּראַך, נאָר עס טראָגן זיך די ריחות פון די געווירצן, פון די בשמים, די ריחות פון די עקזאָטישע מאכלים און געטראַנקען; די ריחות פון אָריענ־טאַלישע שפּייזן, פילן אָן די לופט פון דער דאָזיקער אַרבעט, וואָס איז ווידער נישט קיין דערציילונג אין ענגן זינען פון וואָרט, ווי „אַ טאָג אין רעגענסבורג" איז נישט קיין דערציילונג.

אַפּאַטאָשו איז דאָ ווידער געוועזן בלויז אויף אַ צייטווייליקן באַזוך, געוועזן אַ גאַסט. איז געקומען אַהיים און האָט אַ קוק געטאָן אויף דער „פונדקא רטיבתא״ און האָט דערזען, אַז אייגנטלעך איז ער נישט אויסן געוועזן צו זען בלויז איין ווינקל פון ידישן אַמאָל; ער האָט דאָך גאָר אין זינען געהאַט אויסצוקוקן דאָס גאַנצע לאַנד. איז וואָס האָט ער דאָ אויפגעטאָן מיטן בלייבן נעכטיקן אין אַ קרעטשמע בלויז? אַז זעען, אַז אויסקוקן איז אויסקוקן פון דן ביז באר שבע. ער קען טאַקע דאָס לאַנד נאָך פון אַמאָל, קען עס פון חדר, פון חומש, פון די נביאים און כתובים, אָבער בכדי דאָס לאַנד זאָל ווערן היימישער, בכדי צו האָבן אַ רעאַלן באַגריף, ווי עס זעען באמת אויס אי דן אי באר שבע; בכדי צו וויסן ווי גרויס בני ברק, ווי שיין צפת און טבריה זענען, וויפל ס׳איז נאָך דאָרט געבליבן פון אַמאָליקן חלב און דבש, דאַרף מען זיין אין לאַנד, דאַרף מען אָפּ־פרישן דעם זיכּרון, דאַרף מען די חומש־פאַנטאַזיע אַוועקשטעלן אויף געזונטע פונדאַמענטן פוןווירקלעכקייט.

אַפּאַטאָשון איז געפעלן געוואָרן די „פונדקא רטיבתא״ מיט אירע מענטשן, מיט די יידן, וואָס זענען אַהין געקומען פון אַלע עקן לאַנד, אָבער כדי צו זען די דאָזיקע יידן אין זייערע הייזער, אין זייער היימישער סביבה האָט ער פון דער פונדקא זיך געמוזט אַ לאָז טאָן איבערן לאַנד, אַ לאָז טאָן שוין מער נישט מיט די פליגל פון דער חומש־פאַנטאַזיע נאָר בפועל ממש זיין אין לאַנד און עס אויסקוקן.

אַפּאַטאָשו האָט שוין דעמאָלט געוואוסט, אַז די „פונדקא רטיבתא״ וועט זיין בלויז איין קאַפּיטל אין דער גרויסער אַרבעט, וואָס ער האָט זיך געגרייט צו שרייבן און אנשטאָט צו דאַרפן אי־בערדרייסן זיין אַרבעט אין רעכטן מיטן בעת אַ געאָגראַפיש אָדער טאָפּאָגראַפישער ענין וועט אים נישט זיין קלאָר; אנשטאט צו דאַרפן לויפן קיין ארץ־ישראל און זוכן דאָרט אַ וועג, אַ שטעג, אַ באַרג, אַ טאָל, אַ וואַסער אָדער טייך, האָט זיך אַפּאַטאָשו אויפ־געהויבן און האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין חומש־לאַנד אַריין. ער איז אָוועק נישט זיצן אין אַ פונדקא נאָר אויסקוקן דאָס לאַנד, דאָס גאַנצע לאַנד, די סביבה, די קאַנווע אויף וועלכער ער האָט שוין

בדעה געהאַט אויסצומאָלן זיין אַמביציעסטע קינסטלערישע אַר־בעט, זיין ראָמאַן פֿון גרויסן, געשיכטלעכן פֿאַרנעם, דעם העראָ־אישן ראָמאַן וועגן לעצטן יידישן אויפֿשטאַנד. אָבער אויפֿן וועג קיין ארץ־ישראל און אין ארץ־ישראל גופֿא האָט דערווייל אָפּאַטאָשו זיך צוגעזען און האָט זיך צוגעהערט צום ערשטיקן לעבן דאָרט. אויפֿן וועג אויסצוקוקן דאָס לאַנד פֿון חומש, האָט ער דערווײַל באַמערקט די לענדער און ימען, וואָס ער האָט דורכגעקריצט, און ער האָט דאָס געזעענע פֿאַרצייכנט און האָט אונדז געגעבן זיין בוך רייזע־מינאַטורן, רייזע־איינדרוקן „צווישן ימען און לענדער״. אָפּאַטאָשו איז געפֿאָרן פֿאַרשן דאָס חומש־לאַנד, און נעש האָט דערווייל אָבסערווירט דאָס לאַנד פֿון ווידעראויפֿבוי, דאָס חלוצים־לאַנד פֿון היינט.

כמעט אין דער זעלביקער צייט, ווען אָפּאַטאָשו איז געפֿאָרן אויסקוקן דאָס לאַנד פֿון חומש כּדי אָנצוהעטיקן זיין אויג מיט דער ארץ ישראל לאַנדשאַפֿט, כּדי זיך אַ קוויק צו טאָן מיט דער „אוירה דארצה״, כּדי צו קענען צוגעבן רעאַל־ווירקלעכע פֿאַרבן צום הע־ראָאיש־געשיכטלעכן ראָמאַן, וואָס ער האָט געהאַלטן אין אָנהויבן שרייבן, אין דער זעלביקער צייט איז אויך שלום אַש געפֿאָרן קיין ישראל כּדי צו זאַמלען מאַטעריאַלן פֿאַר זיין „מאַן פֿון נצרת״ ווערק, וואָס ער האָט שוין דעמאָלט פּלאַנירט. אָפּאַטאָשו איז געפֿאָרן זען די מאָנומענטן פֿון יידישער העראָאיק און מאַרטירערטום, די מאָ־נומענטן פֿון יידישן קאַמף פֿאַר נאַציאָנאַלן קיום; אַש איז געפֿאָרן זען יעזוסעס קבר, איז געפֿאָרן זיך אינספּירירן און באַגייסטערן מיט קריסטלעכע מאָנומענטן, וואָס האָבן שטענדיק געדינט און דינען נאָך היינט ווי דענקמאָלן פֿון אויפֿרייצונג, ווי לעבעדיקע עדות, וואָס רופֿן צו יידן־מאָרדן. אַש איז געפֿאָרן קיין נצרת, קיין בית לחם; אָפּאַטאָשו איז געפֿאָרן קיין יבנה, קיין בני ברק. אַש האָט זיך אינספּירירט אין די, וואָס האָבן צוגעהאָלפֿן, אונטערגעיאָגט די יידישע דיסינטעגראַציע, די וואָס זענען שפּעטער געוואָרן אַפּטרי־ניקע און פֿאַררעטער; אָפּאַטאָשו האָט געזוכט שפּורן פֿון יידישער גבורה, פֿון יידישן ווידערשטאַנד, פֿון יידישן אויסדויער, פֿון יידישן ווילן אָנצוהאַלטן די נאַציאָנאַלע יידישע קאָנטינואיטעט. פֿון אַשס

באַזוך אין ארץ־ישראל איז אַרויסגעוואקסן נישט נאָר „דער מאַן פֿון נצרת", אַ ווערק וואָס האָט זיך נאָך ערגעץ־וואו אַריינגעפּאַסט אין דער סכעמע פֿון אַשס קינסטלערישן שאַפֿונג־וועג, אַ ווערק, וואָס קען צוגערעכנט ווערן צו אַשס קידוש־השם און שבת־יום־טובדיקע טעמעס, אַ ווערק, וואו יעזוס אַליין און זיינע תּלמידים זענען נאָך יידן, וואָס האָבן נאָך נישט באַטראָטן דעם באָדן פֿון אָפֿענעם פֿאַר־ראַט קעגן זייער פֿאָלק און אמונה; ניין, נישט נאָר „דער מאַן פֿון נצרת" איז אַ דירעקטער רעזולטאַט פֿון יענעם באַזוך, וואָס אַש האָט אָפּגעשטאַט אין אונדזער לאַנד, נאָר ס'איז אויך געבוירן געוואָרן דאָס ווערק, וואָס באַזינגט און לויבט דעם שטערער און ברעכער, דעם אָפֿענעם פֿאַררעטער פֿון יידישן פאָלק, דעם שטירצער פֿון דער יידישער אמונה, שאול פֿון תּרשיש, „דער הייליקער פאול". עס איז אויך אויסגעוואקסן זיין לעצטער ראָמאַן „מערי", וואָס איז אַ געזאַנג צו דער מוטער פֿון „גאָט פֿון נצרת".

ווי אָפּאַטאַשו, וואָס האָט בעתן זאַמלען זיינע מאַטעריאַלן פֿאַר זיין ר' עקיבא, בעתן פֿאָרן קיין ארץ ישראל, דערווייל אָנגעשריבן זיין „צווישן ימען און לענדער" אַזוי האָט אַש אויך דערווייל צוריק־געבראַכט פֿון זיין באַזוך אַ ווערק, וואָס איז אַ געזאַנג אין פּראָזע, אַ ווערק, וואָס ווען אַש וואָלט שפּעטער נישט געשריבן זיין „פּאול" וואָלט דאָס דאָזיקע ווערק, „דאָס געזאַנג פֿון טאָל" אַליין ווערט געווען מער, וואָלט געבליבן אַ וויכטיקערער צושטייער דער יידישער ליטעראַטור, ווי אַשס אַ סך פֿריערדיקע שאַפֿונגען אַריינרעכנדיק די נאַזאַריניאַדע.

אַש איז געקומען קיין ארץ ישראל זיך באַגייסטערן אין ישו הנוצרי און ער האָט דערזען דעם אויפֿלעבער פֿון יידישן נאַציאָ־נאַלן זיין, האָט געזען דעם בויער, דעם חלוץ, וואָס האָט אויפֿגע־וועקט דעם פֿאַרווילדטן עמק און האָט זיינע וויסטענישן געמאַכט בליען. מיט „שטעטלשער" התלהבות האָט אַש געזען דעם יידישן חלוץ און ער האָט אים באַזונגען מיט די צאַרטסטע טענער פֿון אַ פֿאַרליבטן. די וואָכעדיקייט, דאָס בלוט און שווייס, די פּראַצע פֿון חלוץ האָט אַש פֿאַרוואַנדלט אין יום־טוב, אין שבת און דאָס רע־אַלע האָט ער פֿאַנטאַסטיש־צויבערלעך פֿאַרשלייערט אין אידיליש־

ראָמאַנטישע בגדים. און ער האָט קיין סתירה נישט געזען אין זיין געזאַנג צום חלוץ, אין זיין איבערגיין פֿון דער הערלאיק פֿון עמק, צו זיין באַוואונדערן די פֿישערלייט פֿון אַרום כנרת, דעם סטאָליער פֿון נצרת, און פּאולן, דעם אָפּענעם בוגד קעגן יידישן פֿאָלק און קעגן דער יידישער אמונה. ערגעץ־וואו האָבן זיך ווידער ביי אים געפּאָרט די מוטער רחל מיט, להבדיל, דער מוטער מרים, ווי זיי האָבן זיך שוין לאַנג צוריק געהאָט געפּאָרט ביי אים נאָך מיט דרייסיק יאָר צוריק, ווען ער איז געפֿאָרן אויף זיין ערשטן באַזוך קיין ארץ־ישראל. נאָך דעמאָלט איז אַשס באַזוך קיין ארץ־ישראל געווען פֿאַרבונדן אי מיט מוטער רחלס קבר, אי, להבדיל, מיטן קבר פֿון ישו פֿון נצרת, אי מיט דער מוטער מערי.

אָפּאַטאָשו, ווי אַש, האָט געזען דעם יידישן חלוץ, האָט געזען די בויער, די אויפֿלעבער און באַפֿרוכפּערער פֿון די וויסטענישן. אָפּאַטאָשון האָט אויך אַ וואַרעם געטאָן דאָס האַרץ, ווען ער האָט געזען ווי אַזוי זין און טעכטער פֿון יידישן גלות מאַכן בליען דעם פֿאַרפּעסטעטן עמק, אָבער אנשטאָט צו זען בלויז די ראָמאַנטיק פֿונעם בלי האָט אָפּאַטאָשו אויך געזען, מער געזען דאָס בלוט און שווייס, וואָס די קינדער פֿון אונדזער פֿאָלק פֿאַרגיסן כדי די מדבר־דיקייט אויפֿצולעבן. אַש זינגט צום אויפֿגיין און צום שניט, אָפּאַ־טאָשו מאָלט דאָס אַקערן און פֿאַרזייען; אַש זעט נאָר דאָס זיגן און באַזיגן, אָפּאַטאָשו זעט דעם אומדערמידלעכן קאַמף, זעט דעם דאָרנדיקן וועג פֿון מי און פּראַצע, וואָס פֿירט צום זיג.

בעת אַש איז אַמאָל געשטאַנען אויפֿן דעק פֿון שיף און האָט פֿון ווייטן געזען דאָס לאַנד פֿון אונדזערע אבות האָט ער צו זיי־נעם אַ חבר־מיטרייזער געזאָגט מיט ענטוזיאַזם, אַז אָט באַלד וועט ער קענען גיין באַזוכן יעזוסעס קבר, און אַז דער חבר האָט אַשן געזאָגט, אַז ער גלויבט קוים צי עס לוינט זיך צו קריגן קלעפּ פֿון די אַראַבישע אַפּיטרופּסים פֿון ישוס קבר פֿאַר וועלן באַזוכן דעם דאָזיקן פּלאַץ, האָט אַש מיטן גלויבן פֿון אַ פֿאַנאַטיקער גע־טענהט, אַז כדי צו זען יעזוסעס קבר איז ווערט צו קריגן פּעטש.

אַש האָט דעמאָלט געזען ווי יידן דאַווענען און זאָגן תהילים און ער האָט געהערט ווי קריסטן זאָגן זייערע פּסאַלמען, האָבן זיך

די שטימען פֿון די יידן און די קריסטן ביי אים געמישט אין איין הארמאָנישער הימנע, אין איין געזאַנג; ער האָט געזען די נאָענט־קייט און פֿאַרברידערלעכטקייט פֿון ביידע גלויבנס.

אָפּאַטאָשו שטייט אויפֿן דעק פֿון שיף, זעט דאָס לאַנד פֿון אונדזער העראָאישן נעכטן, טראַכט וועגן אונדזער היינט און ס'מאַטערט אים די פֿראַגע פֿון היינטצייטיקן יידן, וואָס ווייסט, אַז קיין שלום צווישן די גלויבנס איז קיינמאָל נישט געווען, קען נישט זיין, און דער תּהילים פֿון אַ יידן איז אַזוי ווייט פֿון קריסטלעכע פסאַלמען ווי ווייט און אָפּגעזונדערט עס איז דער יידישער גלות פֿון דער קריסטלעכער וועלט. אָפּאַטאָשון מאַטערט אויך דער געדאַנק וואָסער יידישקייט עס בויעט דער חלוץ אין באַנייטן ארץ־ישראל, וואָס איז יידישקייט בכלל?

אָשן איז גרינג צו חלומען, פֿאַנטאַזירן, מאַכן שלום צווישן ייד און קריסט; אָפּאַטאָשו זוכט אַ וועג צו יידישער גאַנצקייט, צום שלום אין דער יידישער נשמה, אין יידישן גלויבן גופֿא.

שטייט אָפּאַטאָשו, שטייט נעש אויפֿן דעק פֿון שיף און אַנ־שטאָט צו טראַכטן וועגן יעזוסעס קבר טראַכט ער וועגן דעם עצם פֿון יידישקייט און ער רעדט מיט זיינע שיף־ברידער, טראַכט אויפֿן קול צוזאַמען מיט זיי: וועמענס יידישקייט וויל מען איינפֿירן דאָ, אין באַנייטן לאַנד, און ביי וועלכער, ביי וועמענס יידישקייט דאַרפֿן מיר זיך האַלטן, אין דער צעשפּרייקייט פֿון גלות? זאָלן מיר זיך האַלטן ביים רמב״ם, ביי העסעס, צי גאָר ביי פּרצעס יידיש־קייט? אַזוי טראַכט אָפּאַטאָשו אויפֿן וועג קיין ארץ־ישראל און פֿאָרן פֿאָרט ער גאָר זוכן אַ מוסטער פֿון יידישקייט אין דער העראָ־איק פֿון ר׳ עקיבאַן.

אָפּאַטאָשו ווייסט נאָך דעמאָלט נישט, אַז ס'רוקט זיך אונטער דער גרויזאַמער חורבן, די מיאומדיקע זעקס־מיליאָניקע עקידה, וואָס וועט אים געבן אַן ענטפֿער אויף זיינע צווייפֿלען און גע־ראַנגלען; דערווייל אָבער זוכט ער קאָנטינואיטעט צווישן חלוץ און ר׳ עקיבאַן, צווישן דעם אַמאָל און דעם היינט. און זיין רייזע „צווישן ימען און לענדער" ווערט אַ רייזע פֿון טראַכטן, פֿון זוכן די פֿאַרבינדונג, פֿון געפֿינען דעם וועג, וואָס פֿירט פֿון אונדזער היינט

ביזן אַמאָליקן נעכטן, וואָס ציט זיך פֿון פּרצן, פֿון העסן, פֿון קאַצ־
קער, פֿון רמב״ם אַזש ביז ר׳ עקיבאַן.

און די דאָזיקע עסייען פֿון טראַכטן, די „רייזע בילדער״
וואַקסן אויס אין אויסגעהאַקטע, קינסטלעריש־רייפֿע, פּרעכטיקע גע־
מאָלן פֿון מענטשן און געשעענישן, מיניאַטורן פֿון פּראָזע געצויגן
מים מייסטערהאַפֿטע געניטקייט. זאַצן ווי שטאָל, פּאַראַגראַפֿן ווי
מאָזאַיקס פֿאָלגן נאָך איינער נאָכן אַנדערן. אַפּאַטאַשוס סטיל, וואָס
האָט אַנגעהויבן קריגן זיך אייגנאַרטיקייט „אין פּוילישע וועלדער״
איז דאָ בולטער, שטאַרקער, קומט דאָ צום פֿולן אויסדרוק. דאָ איז
שוין דער סטיל פֿולבלוטיק. דאָ מערקט זיך שוין שטאַרק אי
אַפּאַטאַשוס צימצומדיקייט פֿון וואָרט אי זיין עמפּאַטישע איבער־
חזרונג פֿון ווערב: „די לאַנגע פּיס האָבן זיך געוויגט; די העלדזער
האָבן זיך געוויגט; די סטויגן תבואה האָבן זיך געוויגט״. דאָ געפֿי־
נען מיר שוין זיין אויסלאָז פֿון אַ בינד־וואָרט, פֿון אַ פּרעפּאָזיציע,
אַ ביכונדיקער אויסלאָז, וואָס קרעפֿטיקט דעם זאַץ: „די קעמלען
זענען געבליבן שטיין, האָבן העכער פֿאַרריסן די העלדזער, און די
קעפּ, טרויעריקע, פֿאַרשאָטנטע, האָבן זיך איינגעהערט, געבליקט
מיט חידוש, מיט שרעק״. זאַצן פֿול מיט אַקציע, מיט באַוועגונג,
זאַצן, וואָס הייבן זיך אָן מיט שטאַרקע ווערבן, מיט אַקטיווע
ווערבן, פֿאָלגן נאָך איינער דעם אַנדערן. אין איין זאַץ, אין איין
פּאַראַגראַף טוט זיך אָפּ וועלטן. איין זאַץ דערציילט אָפּ אַ גאַנצע
מעשה, מאָלט אַ בילד, מאָלט און דערציילט אין איין אָטעם. אָט
איז אַזאַ זאַץ פֿון דער דערציילונג „אַ דין תורה״, אַ דערציילונג,
וואו יעדער זאַץ איז אויסגעהאַקט ווי פֿון אַ שטיין: „דער יונגער־
מאַן איז געווען שיין, איז געווען געוויקסיק, האָט זיך געטראָגן אין
בית דין שטוב אַריין ווי אַ רויב פֿויגל״. און אָט איז נאָך אַ זאַץ,
אַ זאַץ, וואָס איז פּלאַסטיש־דעסקריפּטיוו, וואָס וואַרפֿט אָן פֿאַרבן
און קאָלירן, ליכט און שאָטן און ס׳וואַקסט אויס אַ מענטשלעך גע־
שטאַלט פֿון אים: „שושנה — די פּעך־שוואַרצע האָר אַרומגענומען
מיט אַ ווייס־זיידן טיכל. האַלדז, פּנים, אויגן מאַטע איילבירטן,
טונקעלע, גלאַנציקע איילבירטן, און צווישן די איילבירטן רויטע
ליפּן״ — דאָס באַנוצן דעם שטריך אנשטאט אַ וואָרט, ווערטער,

דאָס אויסלאָזן גאַנצע זאַץ־טיילן, וואָס לאָזן איבער פֿאַרן לייענער אַ סוספּענדירטע אָנרעגונג צו טראַכטן, די דאָזיקע אייגנשאַפֿטן פֿון אָפּאַטאָשוס סטיל זענען נישט ניי אין בוך „צווישן ימען און לענדער". דאָ זענען די אייגנשאַפֿטן בלויז שטאַרקער אינטענסיפֿיצירט. אין דער שטאַרקער און אומפֿאַרגעסלעכער סצענע „אין פּוילישע וועלדער", וואו דער פּריץ שמייסט די פֿאַראָבקעס זיינע, ווייל זיי האָבן געגנבעט האָלץ פֿון זיין וואַלד, אין „1863" און אין „אַ טאָג אין רעגענסבורג" זענען די דאָזיקע סטיליסטישע מאַניערן שוין שטאַרק אָנזעעוודיק, אָבער זיי קומען אַלץ מער צום אויסדרוק און ווערן כאַראַקטעריסטיש פֿאַר אָפּאַטאָשון אין די שפּעטערדיקע ווערק זיינע, אין „צווישן ימען און לענדער", אין „ווען פּוילן איז געפֿאַלן", און ספּעציעל אין זיין לעצטן ראָמאַן „ר' עקיבא".

ווי די באַרגאַרויפֿיקייט פֿון אָפּאַטאָשוס טעמאַטיק איז נישט געווען גראַדליניק־שטייגנדיק נאָר האָט געהאַט פֿאַרשידענע זיג־זאַגן, אַזוי איז אויך זיין סטיל נישט געווען קיין כּסדרדיק וואַקסנדיקער. אין ראָמאַן „די טענצערין" האָט אָפּאַטאָשוס סטיל זיך אַ קער געטאָן צו זיין אַמאָל, צום „ראָמאַן פֿון אַ פֿערד גנבֿ". אין דעם ראָמאַן האָט דאָס דערציילעריש־פֿליסיקע אַ סך איבערגעשטיגן דאָס בילדלעך־מאָלערישע. עס איז געווען אַ סך סיפּור־המעשה, באַרעדעוודיקייט. די זאַצן זענען דאָ געווען פֿולע, אַלץ זאָגנדיקע. פֿאַרן לייענער איז קיין סך נישט געבליבן וואָס צו טאָן חוץ צו לייענען. „די טענצערין" האָט דערמאָנט אין „אַליין" און האָט אונדז שיר נישט געמאַכט פֿאַרגעסן אי „אין פּוילישע וועלדער" אי אין „1863". פֿון „אַ טאָג אין רעגענסבורג" ביזן ראָמאַן „ר' עקיבא" ווערט אָפּאַטאָשוס סטיל כּסדר געלייטערט, איז שוין אָפּאַטאָשוס סטיל אַ געזעצטער, אַן אויסגעקריסטאַליזירטער, זיין סימן מובהק. דער סטיל ווערט דאָ דער מענטש, דער סטיל איז דאָ דער קינסטלער, דער וואָרט־קינסטלער יוסף אָפּאַטאָשו.

אין אונדזער ביזאַהעריקער אַרבעט האָבן מיר זיך וויניק אָפּ־געשטעלט אויף יוסף אָפּאַטאָשוס באַזונדערע פֿאַרדינסטן אויפֿן געביט פֿון פֿורעמען די קורצע דערציילונג. קורצע דערציילונגען פֿאַרנעמען אַ גאַנץ חשובן און אָנגעזעענעם פּלאַץ אין אָפּאַטאָשוס שאַפֿן. ס'איז כּמעט נישטאָ קיין טעמע אין מענטשלעכן לעבן, אין דער ליטעראַטור בכלל, אויף וועלכער אָפּאַטאָשו האָט נישט געשריבן אַזאָ אָדער אַן אַנדער דערציילונג. זיינע קורצע דערציילונגען זענען כּמעט ווי אַ ביבליאָטעק פֿאַר זיך אַליין. עס וואָלט אַוודאי געווען כּדאַי צו מאַכן אַ באַזונדערע שטודיע, צו געבן אַ באַזונדערע אָפּהאַנדלונג וועגן די דאָזיקע דערציילונגען. אָבער אַזאַ אַנאַליז דאַרף זיין אַ גרעסערע אַרבעט פֿאַר זיך אַליין. מיר האָבן זיך אונטערגענומען צו אַנאַליזירן די באַזונדערע שטאַפּלען אין יוסף אָפּאַטאָשוס שאַפֿונג־וועג, און כּדי צו באַגרענעצן אונדזער אַרבעט האָבן מיר אָנגענומען פֿאַר שטאַפּלען בלויז די גרעסערע אַרבעטן, די וואָגיקע ווערק, וואָס אָפּאַטאָשו האָט ביז איצט געשריבן. אין דער סכעמע פֿון אונדזער שטודיע מוזן מיר אָבער מאַכן אַן אויסנאָם דערמיט, וואָס מיר וועלן זיך אָפּשטעלן בלויז אויף איין זאַמלונג דערציילונגען, אַ זאַמלונג, וואָס איז אַ שטאַפּל פֿאַר זיך אַליין אין יוסף אָפּאַטאָשוס קינסטלערישער געשטאַלטונג. מיר ווילן זיך דאָ אָפּשטעלן אויף דער זאַמלונג דערציילונגען „ווען פּוילן איז געפֿאַלן", וואָס איז אַ מין „אינטערליוד" צווישן „אין פּוילישע וועלדער" און דעם לעצטן ראָמאַן „ר' עקיבא".

„ווען פּוילן איז געפֿאַלן" איז אַ סך מער ווי נאָך אַ זאַמלונג דערציילונגען צווישן אָפּאַטאָשוס אַנדערע דערציילונגען. „ווען פּוילן איז געפֿאַלן" איז אַ וווענד־פּונקט, נאָך אַ ווענד־פּונקט אין אָפּאַטאָשוס קינסטלערישן גאַנג. אויב „אין פּוילישע וועלדער" איז געווען אָפּאַטאָשוס אָנהויב פֿון פֿאַרוואַרפֿן אַ בריק צום טאַטנס ירושה, צו אונדזער נעכטן, איז „ווען פּוילן איז געפֿאַלן" אָפּאַטאָשוס אָפֿענע ליבע־דערקלערונג צו כּמעט אַלץ, וואָס זיין טאַטנס ירושה שטעלט מיט זיך פֿאָר. „אין פּוילישע וועלדער" קוקט נאָך אָפּאַטאָשו מיט שאַרף קריטישע בליקן אויפֿן נעכטן, אין „ווען פּוילן איז געפֿאַלן" קומט אָפּאַטאָשו אַרויס פֿאַר אונדז מיט אַ קרעדאָ, קומט אַרויס

אַ זיכערער, אַז איבערגעצייגסטער, אַז ער איז מיט טויזנטער פֿע־ דים פֿאַרבונדן מיט זיין טאַטנס ירושה. אין „אין פּוילישע וועל־ דער" האָט אָפּאַטאָשו געזען ר' מענדעלען, אָבער ר' איטשען דעם מקובל האָט ער בלויז באַמערקט. אין „ווען פּוילן איז געפֿאַלן" זוכט אָפּאַטאָשו אויף ר' איטשען. זוכט אים מיט זיבן זונען און ווען ער געפֿינט אים כאַפּט ער זיך מיט אים אַרום, ווי מיט זיינעם אַ גאָר אַלטן באַקאַנטן, ווי מיט אַ חבר, און ער געפֿינט אין ר' איטשען אַלץ, וואָס ער האָט ביז איצט געהאַט פֿאַרזען. ר' אי־ טשע האָט שטענדיק געלאָקט אָפּאַטאָשון, אָבער ערשט איצט, ווען פּוילן איז געפֿאַלן, נאָכן חורבן פּוילן, איצט דערזעט אָפּאַטאָשו ר' איטשען אין זיין גאַנצער גרייס. ער האָט ר' איטשען געזוכט שוין אין „די טענצערין", אָבער ער האָט אים דאָרט נישט גע־ פֿונען. דעמאָלט בעתן שרייבן „די טענצערין" האָט נאָך אָפּאַטאָשו אַליין געבלאָנדזשעט, געזוכט וואו זיך אידייאיש, גייסטיק צו אָנ־ קערן. אָפּאַטאָשו האָט געזוכט ייִדישן אינהאַלט, ייִדישקייט און ער האָט פֿאַר זיך קיין ענטפֿער נישט געפֿונען. אַפֿילו אין „צווישן ימען און לענדער" שטייט נאָך נעש־אָפּאַטאָשו אַ פֿאַרלוירענער און קען קיין ענטפֿער נישט געפֿינען אויף דער פֿראַגע: „וואָס איז ייִדישקייט? וועמענס ייִדישקייט דאַרפֿן מיר אָננעמען, האַלטן?"

אין אַריינפֿיר צו דער זאַמלונג דערציילונגען „ווען פּוילן איז געפֿאַלן", פֿרעגט זיך אָפּאַטאָשו ווידער די זעלביקע פֿראַגע, דאָ פֿרעגט ער שוין כמעט מיט פֿאַרצווייפֿלונג: אויב שוין יאָ זוכן כּוח אין ייִדישקייט, טאָ אין וועלכער ייִדישקייט? „וועמענס ייִדיש־ קייט? די נביאימס? דעם רמב"מס? ר' יהודה הלויס? צי גאָר משה העסעס? יצחק לייבוש פּרצעס?" אין אַריינפֿיר צום בוך גיט אונדז אָפּאַטאָשו נאָך ניט קיין ענטפֿער אויף די פֿראַגעס. ער הייסט אונדז גיין לייענען די דערציילונגען און ווען מיר ווערן פֿאַרטיק מיטן בוך, ערשט אין דער לעצטער דערציילונג „ווען פּוילן איז גע־ פֿאַלן", דאָ געפֿינען מיר שוין אָפּאַטאָשוס ענטפֿער. און דער ענט־ פֿער איז אַ קלאָרער, אַ שאַרפֿער, דער ענטפֿער איז אָפּאַטאָשוס עפֿנטלעכע דעקלאַראַציע, זיין קרעדאָ. אַלע דערציילונגען אין בוך האָבן כּסדר געפֿירט צום ענטפֿער, זיי זענען טריט, וואָס פֿירן צום

ענדגילטיקן ציל, זיי זיינען פּרעלודן, וואָס גרייטן אונדז צו מיר זאָלן אויפנעמען דעם ענטפער מיט פולער פאַרשטענדעניש, מיט פולער אחריות. נאָכן אַריינפיר צום בוך, נאָך דער פראַגע, וואָס ער שטעלט זיך און אונדז, נאָך דעם ווי ער פרעגט אונדז וואו מיר זאָלן נעמען כוח אויסצוהאַלטן אַלע נגישות, וואו מיר זאָלן נע־מען מוט בייצושטיין אַלע פורעניותן, נעמט ער אונדז אָן פאַר דער האַנט און פירט אונדז אַוועק אויף אַ שפּאַציר אינעם פוילן פון אַמאָל, אין דער פויליש־יידישער סביבה, וואָס איז שוין מער ניש־טאָ. ער וויל אונדז גלייכצייטיק ווייזן אַ בילד ווי אַזוי די יידישע סביבה האָט אויסגעזען צווישן די פוילישע שכנים, צווישן פוילישן פאָלק, וואָס האָט נאָך פאַר די היטלער־טעג געהאַט אין זיך גע־נוג סם, גענוג יידן־שנאה. אַפּאַטאָשו גיט אונדז דערפאַר אַ קאַ־פּיטל יידיש־פוילישע באַציאונגען, אַ קאַפּיטל געשיכטע פון יידן אין „פּרייען״ פוילן. ער זאָגט אונדז: אַט זעט ווי די יורשים פון די געוועזענע פּריהייטס־קעמפער פאַר פוילן באַהאַנדלען זייערע יידי־שע שכנים. הערט ווי אַזוי אַ פוילישער פּראָפעסאָר לערנט מיט זיינע סטודענטן אַ פּרק ראַסן־טעאָריע; זעט ווי פוילנס זין וואַרפן יידן פון באַנען, רייסן בערד, האַקן אויס ציין. אַז איר וועט דאָס אַלץ זען און באַנעמען, אַז איר וועט זיך אַנזעטיקן מיט די אַכ־זריותן פון די פאַר־היטלער־טעג אין פוילן, אַז די מאָס פון יאוש וועט זיין ביי אייך איבערגעפולט, ערשט דעמאָלט וועל איך אייך ווייזן ווי אַזוי יענע פוילישע יידן האָבן אויסגעזען, ווי אַזוי זיי האָבן געפונען כוח און מוט בייצושטיין זייערע שונאים.

נישט נאָר היטלער איז אויפגעשטאַנען אונדז צו פאַרטי־ליקן. ס׳זענען געווען היטלערס פאַר היטלערן. די פוילישע אַכ־זריותן האָבן אַריינגעבראַכט גענוג יאוש אין אונדזער לעבן, אָבער מיר האָבן שטענדיק געלעבט מיט בטחון, אַז מיר וועלן מיט אונד־זער גייסטיקער גבורה זיי אַלע בײַשטיין.

און אַפּאַטאָשו גיט אַ מיש די בלעטער פון אונדזער געשיכטע אויף צוריק. ער פירט אונדז אַריין אין די געצעלטן וואו עס האָבן געוואוינט די גייסטיקע גיבורים און ער ווייזט אונדז דאָרט די מוס־טערן פון טראַדיציאָנעלער יידישער גרויסקייט. און אונדז דאַכט

זיך, אַז מיר הערן ווי אָפּאַטאָשו זאָגט אונדז: נאָך די אַלע גירושין, וואָס מיר זענען אויסגעשטאַנען אַמאָל, נאָך אַלע גירושים און אינקוויזיציעס, האָבן פֿונדעסטוועגן די העלדן פֿון יידישן גייסט ווייטער געשפּינט און געוועבט זיעם גאָלדענעם פֿאָדעם פֿון יידישקייט, וואָס מיר האָבן אָנגעהויבן צו ציען פֿון די טעג פֿון די נביאים, פֿון רמב״ם, פֿון ר׳ יהודה הלוי, פֿון בעל שם, פֿון ר׳ נחמן בראַסלאַוער, אַזש ביז יצחק לייבוש פּרץ. אַז איר וועט אַ קוק טאָן אויף דער געשיכטע אונדזערער וועט איר פֿאַרלירן אייערע יאוש־שטימונגען, איר וועט צוריקגעפֿינען אייער גלייכגעוויכט, וועט ווערן געשטאַרקט און באַהויכט מיט ביטחון, מיט יענעם גרויסן בי־טחון מיט וועלכן זיי, אונדזערע פֿאָרגייער, זיי, די ריזן גייסטער פֿון אונדזער פֿאָלק, האָבן ביז היינט אויפֿגעהאַלטן די גאַנצקייט פֿון אונדזער פֿאָלק.

„ווען פוילן איז געפֿאַלן״ איז אַ זאַמלונג דערציילונגען, וואָס האָט פֿאַר זיך אַן אויפֿגאַבע; ס׳איז אַ זאַמלונג דערציילונגען, וואָס באַזינגט די יידישע העראָאיק, וואָס מאָלט יידישע גיבורים, פיזי־שע און גייסטיקע העלדן, וואָס שטעלט פֿעסט, אַז דאָס יידישע פֿאָלק, וואָס האָט אין משך פֿון יאָרטויזנטער זיך צוגעוואוינט צו דער רשעות פֿון דער אַרומיקער וועלט און איז געבליבן גאַנץ, וועט אויך איבערקומען דאָס בייז, וואָס איז עס איצט באַפֿאַלן, און מיטן כוח פֿון אייזערנעם ביטחון וועט עס פֿאַרזעצן זיך צו האַלטן אייזן־שטאַרק ביי יענע עטישע פּרינציפּן פֿון יושר און צדק וועלכע עס האָט נאָך אויף זיך גענומען אין די טעג פֿון סיני, אין די טעג פֿון די נביאים. היטלערס זענען געווען און היטלערס זענען אָפּגע־ווישט געוואָרן פֿון פּנים פֿון דער ערד, מיר אָבער, מיר וועלן בלייבן.

די דערציילונגען אין בוך וואָלטן לייכט געקענט ווערן אויס־געשטעלט לויט אַ כראָנאָלאָגישן סדר. אָבער אָפּאַטאָשו האָט זיי גראָד אויסגעשטעלט גאָרנישט כראָנאָלאָגיש. עס קען זיך אויבנ־אויפֿיק דאַכטן, אַז די דערציילונגען זענען עפּעס צופֿעליק אַזוי אָנסדרדיק אויסגעשטעלט. אָבער אונדז דאַכט זיך, אַז אָפּאַטאָשו האָט מיט אַ כיוון אַזוי אָנסדרדיק „אָנגעוואָרפֿן״ די דערציילונגען אין בוך. די ערשטע דערציילונג „געסט״ קער כראָנאָלאָגיש זיכער

צו אַ שפּעטערדיקער צייט ווי: לאָמיר זאָגן, די דערציילונג „גיי שוין, גיי". די דערציילונג „געסט" האָט באמת געדאַרפט זיין די לעצטע דערציילונג אין בוך, ווייל די טעמע פון דער דערציילונג איז דאָך אַזאַ, וואָס האָט צו טאָן שוין מיט די היטלער־טעג. אין דער דערציילונג האָט אָפּאָטאָשו אין צמצומדיקע שטריכן געמאָלן אַ ייד, אַ פשוטן משה מילנער, וואָס האָט אַ ברייט און וואַרעם האַרץ, וואָס איז אַ בעל רחמים, וואָס עפנט ברייט די טירן פון זיין הויף פאַר די פּליטים, פאַר זיינע ברידער יידן, די געררודפטע פון דייטשלאַנד. משה מילנער איז יידישע האַרציקייט, איז יידישער רחמנות, איז יידישע ברידערלעכקייט. אָבער אין דער דערציילונג איז שוין דאָ דער אָנזאָג אויפן גרויסן יידישן חורבן און אָפּאָטאָשו האָט די דערציילונג נישט געוואָלט שטעלן ביים סוף וואו זי וואָלט כראָנאָלאָגיש געדאַרפט שטיין; ווייל שטעלן די דערציילונג ביים סוף וואָלט געמיינט איבערלאָזן אונדז מיט אַ שטימונג פון יאוש, פון דערשלאָגנקייט. דערציילן דאַרף מען, מאָלן דעם אָנקום פון שטורעם מעג מען, אָבער דער שטורעם דאַרף זיין בלויז אַ הינטערגרונט איבער וועלכן מען מוז אַרויפציען די העלערע פאַרבן פון אונדזער ווידערשטאַנד־פעאיקייטן. מיט דער העליכטיקייט פון אונדזער הערןאישער טראַדיציע, „גוואלד, יידן, זייט זיך נישט מיאש"! מיט דער דאָזיקער שטימונג האָט אָפּאָטאָשו אונדז געוואָלט איבערלאָזן און דערפאַר האָט ער אונדז צום ערשטן געגעבן אַ פולע דאָזע ביטערע פילן פון אונדזער ערב־חורבן און האָט אונדז דערנאָך געהייסן אַ קוק טאָן אויף הינטער זיך און האָט אונדז דאָרט געוויזן ביישפּילן פון אונדזער גבורה.

דער דאָזיקער צוגאַנג איז ביי אָפּאָטאָשון נישט קיין שפּיל אין קאָנטראַסטן, נאָר ס'איז ביי אים אַדורכגעטראַכטע אידייע, ס'איז דער אויסדרוק פון אַ טיפער איבערצייגונג צו וועלכער ער איז געקומען נאָך דעם ווי ער האָט זיך פאַרטראַכט און פאַרטיפט אין דער געשיכטע פון אונדזער פאָלק.

די דערציילונגען „גיי שוין, גייז", „אַ שבת נאָכמיטאָג", „אויגן", „ר' פנחס", „מסירת נפש", די דערציילונגען זענען געמאָלן מיט אַ טיפער ליבע, מיט אַ גרויסער פאַרהערלעכונג פון אונדזער אַמאָל,

פֿון אונדזער נעכטן, פֿון יענע טעג איידער דער חורבן האָט זיך אָנגערוקט אויף אונדז. די דערציילונגען זענען לירישע געזאַנגען, זענען שטילע אידיליעס אין וועלכע עס קומען צום אויסדרוק די אָנגעזאַמלטע אוצרות פֿון יידישער טראַדיציע, יידישער חכמה, יידישן שטייגער; זיי זענען בילדער, וואָס זענען פֿול מיט טיף־יידישן גלויבן, מיט ביטחון, און זיי זענען רייך אין געמאָלן פֿון פֿאַר־וואַרצלטער, פֿאָלקסטימלעכער, יידישער גבורה. טאָקע פֿון די דער־ציילונגען דערטראָגן זיך עכאָס צו אונדז וואָס זאָגן אונדז, אַז מיר דאַרפֿן זיך ווענדן צו יענע אור־אַלטע קוואַלן וואו מיר קענען געפֿינען געניוג ביטחון בייצושטיין אַלע אונדזערע צרות; אָט דאָרט, אין יענער טראַדיציאָנעלער העראָאיק וועלן מיר געפֿינען אַ טרייסט פֿאַר אונדזערע ליידן; מיט יענער סטאָאישער פֿאַרביסנקייט, מיט יע־נער מסירת־נפֿשדיקער פֿאַרעקשנטקייט פֿון אונדזערע אור־עלטערן מוזן מיר קוקן דעם שונא אין פּנים אַריין און באַפֿאַנצערט מיט דער דאָזיקער אייזערנער שטאַרקייט וועלן מיר אונדזערע פֿאַרניכ־טער קענען זאָגן אין פּנים אַריין, וועלן מיר קענען אַ געשריי טאָן צום אכזר, צום תּליון: „עם ישׂראל חי!“

די דאָזיקע דערציילונגען גרייטן אונדז גייסטיק צו מיר זאָלן באַנעמען און פֿאַרשטיין די לעצטע דערציילונג פֿון בוך, די דער־ציילונג „ווען פּוילן איז געפֿאַלן“. נישט בלויז אונדז, נאָר זיך אַליין גרייט אָפּאַטאָשו צו ער זאָל מיט שלימות, מיט איבערגעצ־ייגטער אויפֿריכטיקייט קענען זאָגן, אַז דער אמתער ניצוץ יידיש־קייט געפֿינט זיך ביי ר׳ איטשען אין גערער שטיבל.

אָפּאַטאָשו האָט געדאַרפֿט פֿאַר זיך, ווי פֿאַר אונדז, דעם דאָ־זיקן צוגרייטונג־הינטערגרונט. ער האָט זיך דאָך אַליין אידייאיש געראַנגלט אַ סך יאָרן מיט דעם עצם ענין יידישקייט. ער האָט זיך געגוויטיקט אין דעם רעטראָספּעקטיוון צוגאַנג, דעם צוריקגאַנג צו אונדזער נעכטן כּדי צו באַנעמען דעם היינט און שלום מאַכן מיט זיין פֿריערדיקן געראַנגל. אָפּאַטאָשו רעווידירט זיך אַליין, מאַכט אַ שפּאַציר צוריק אַזש ביז די „פּוילישע וועלדער“, ביז ר׳ מענ־דעלע קאָצקער; ער זאַמט זיך אין נעכטן כּדי צו קומען אַ געליי־טערטער צום היינט. אויפֿן וועג, דרך־אגבדיק, גיט ער אונדז דער־

ווײַל אַ רמז אויף די נײַע העלדן, אויף די העלדן, וואָס וועלן שפּילן אַזאַ וויכטיקע ראָליע אין דעם פּרעכטיקן קאַפּיטל אין אונדזער מאַרטיראָלאָגישער געשיכטע, דאָס קאַפּיטל ,דער אויפשטאַנד פון וואַרשעווער געטאָ".

אַפּאַטאָשו האָט זיך און אונדז געשטעלט אַ פראַגע אין אַרײַנפיר צום בוך: „וואָס איז יידישקייט?" ער האָט אונדז דעם ענטפער גישט געגעבן. ער האָט אונדז אָפּגעהאַלטן מיטן ענטפער ביזן סוף פון בוך, ביז דער לעצטער דערציילונג. צווישן דער פראַגע און דעם ענטפער האָט ער אויסגעפּילט דעם מיטן מיט דער גאַלעריע פון יידישע העלדן, פון גײַסטיקע ריזן פון אַמאָל; ער האָט צו זיי צוגעגעבן אַן אַנדייט וועגן די נײַעסטע גיבורים, וועגן די משה קלאַפּטערס, וואָס קומען אום אויף קידוש השם אַזוי העלדיש אין געטאָ; ער האָט פאַר אונדז אַרויסגעפירט די יאשאס, די קאַליאַס, די משה מילנערס; לעבן זיי האָט ער אַוועקגעשטעלט אונדזערע אויסגעפּרובירטע קידוש־השם־פירערס, דעם סראַצקער רב, ר' פנחסן, דעם קוטנער רב; די אַלע געמאָלן האָט ער אויסגעשטעלט אַזוי, אַז זיי זאָלן אונדז באַלײַכטן דעם וועג, וואָס פירט צו אַפּאַטאָשו־שטראַלס קרעדאָ, צו זײַן סך־הכל צו וועלכן ער קומט אין דער לעצטער דערציילונג.

אַפּאַטאָשו, דער וועלטלעכער ייד, וואָס איז אָנגעזאַפּט מיט יידישן און וועלטלעכן וויסן, האָט זיך געראַנגלט מיט דער רשעית פון דער וועלט. ער האָט פּרובירט מיט אַלע כוחות צו באַווײַזן, אַז ניט אַלע פּאָליאַקן זענען אונדזערע שונאים. ער האָט פּרובירט געפינען אַ שמץ מענטשלעכקייט אַפילו בײַ אַ דײַטש; אָבער ליוטענאַנט פריץ עקערמאַן לאָזט זיך נישט פאַרמענטשלעכן; ער באַווײַזט זיך אין לעצטן מאָמענט מיט זײַן גאַנצער חיהשער אַכזריות; ער פליקט אַראָפּ פון זיך די פעל פון אַ ציגעלע און עס שטייט פאַר אונדז אַ מטורפע חיה.

די שנאה צו אונדז איז אַן אײַנגעוואָרצלטע; פּאָליאַקן וואַרפן אונדז פון באַנען, אַפילו אַ פּוילישן גלח, וואָס זעט אויס אין זײַן לאַנגן, שוואַרצן כאַלאַט ווי אַ ייד, ווילן די פּוילישע כוליגאַנעס אַרויסוואַרפן פון באַן. דער רב, וואָס פאָרט מיטן גלח אין איין וואַ־

גאָן, אין דער דערציילונג „אין אַ שלעפּ צוג" קוקט זיך צו צו דער סצענע מיט אַן אַלט אויסגעפּרוּבירט חוזק־שמייכעלע און ער זאָגט צום גלח: „און אַז פּאַן יעזוס אַליין וואָלט דאָ געווען אין וואַגאָן, וואָלט ער אים נישט געשלאָגן?" ווי ביי אַש אין זיינער אַ דערציילונג „אין אַ קאַרנאַוואַל נאַכט" וואו יעזוס, וואָס גייט אַראָפּ פון זיין פּעדעסטאַל אין הייליקן פּאולס תּיפלה כדי צו זען ווי זיינע גלויביקע האָבן זיך צעהוליעט און פאַרגיסן יידיש בלוט, ווי יענער יעזוס ווערט געשלאָגן אין די גאַסן פון רוים, אַזוי שלאָגט מען אין וואַרשע יעדן איינעם, וואָס זעט נאָר אויס ווי אַ ייד; אַפילו דעם יינגן גלח האָט מען פּיינט ווייל ער דערמאָנט אין יידן. דער רב אין וואַגאָן ווייסט עס, אָבער ער ווערט ביי זיך נישט געפאַלן. ער שמייכלט זיין אַלטן שמייכל און זאָגט אונדז: „מיר וועלן דאָס רשעות אויך בייקומען". פּונקט צום זעלביקן אויספיר קומט אויך אַפּאַטאָשו, קומט אויך דער שרייבער שטראַל אין דער לעצטער דערציילונג „ווען פּוילן איז געפאַלן".

יאָ, מיר מוזן זיך פאַנצערן מיטן רבס שמייכל. דאָס איז אונדזער וועג און איינציקער אויסוועג. אַזוי מוזן מיר זיין, ווי יענער רב מוזן מיר ווערן.

און אין דער דערציילונג, די לעצטע פון בוך, זאָגט אונדז אַפּאַטאָשו: איך, דער יידישער שרייבער שטראַל, איך דער אינדוסטריאַליסט, דער יידישער מאַגנאַט אוירווינג, איך דער אַנגעשטעלטער בערגסאָן, מיר אַלע ווילן זיך אומקערן צום אור־אַלטן קוואַל פון יידישן גלויבן. מיר בענקען אַהיים, מיר בענקען נאָך אַן אמתן ייד. איז וואו קענען מיר אַזאַ ייד געפינען? גייען זיי, דוד שטראַל־אַפּאַטאָשו, בערגסאָן און ישראל טריוועס, גייען זיי, לאָזן זיי זיך אַוועק זוכן יידישקייט, זוכן דעם ייד אויף גאַרעק סטריט, אין גערער שטיבל, דאָרט וואו עס געפינט זיך ר' איטשע מקובל, דער ר' איטשע וועמען אַפּאַטאָשו האָט אַמאָל באַגעגנט אין קאָצק. נאָך איידער זיי גייען אַהין זאָגט דער שרייבער שטראַל צו זיינע קרובים טריוועס און בערגסאָן: „איך אַליין בענק אויך נאָך אַ ,ייד', אָבער נאָך אַן אמתן, פאַרפאַנצערטן ייד... נאָך חורבן פּוילן דאַרף איך אַליין אַ פּאַדפּאַרע... מיין וועלטלעך יידישקייט איז נישט גענוג.

ס'איז בלויז איינס פון די תרי"ג מצוות, וואָס אַ ייד דאַרף נעמען אויף זיך".

און ווען זיי קומען צו ר' איטשען אין גערער שטיבל אַריין, ווען זיי צעשמועסן זיך מיטן מקובל ר' איטשע געפינען זיי, גע־פינט אַפּאַטאָשו אַן אַלט נייע דעפיניציע פאַרן וואָרט יידישקייט. אמת נישט קיין גענוג קלאָרע, אָבער דאָך אַ דעפיניציע. „וואָס מיינט איר איז יידישקייט"? פרעגט ר' איטשע און ער פרובירט מסביר זיין דאָס וואָרט. „יידישקייט איז אָט דאָס, וואָס אוירווינג טריוועס, דער קעניג פון לאָמפּנשירעמס, האָט נאָך פינף און צוואַנ־ציק יאָר הפקר לעבן דערפילט אַ ברייה".

ר' איטשעס פרייד איז אין לשער ווען ער זעט, אַז ער האָט צוריקגעפונען זיינעם אַ קרוב, וואָס איז אַזוי לאַנג געווען אָפּגעט־פרעמדט. ער זאָגט מיט שמחה, מיט התלהבות, אַז ווען היטלער זאָל אַפילו צונעמען ביי טריוועסן זיין גאַנץ פאַרמעגן וואָלט ער, טרי־וועס, נישט אָרעמער געוואָרן, ווייל „פון דעם ניצוץ ייד, וואָס היט־לערס רשעות האָט אַ וועק געטאָן אין דיר, וואָלט געוואָרן אַ גאַנצער ייד". און אַפּאַטאָשו שטימט איין מיט ר' איטשען. ער האַלט אויך, אַז כאָטש אונדזער חורבן איז גרויס, אונדזערע צרות אומבאַשרייב־לעך, פונדעסטוועגן האָבן מיר זיך נישט וואָס צו שרעקן „פאַרן רשע מרושע, פאַר היטלערן", ווייל „מיר וועלן טאַקע אַרויס פון דער וועלט־שרפה צעמזיקטע, מיר וועלן אַרויס בשן ועין, דערפאַר געשטאַרקטע, אמתע יידן מיט ביטחון".

אָט ווי דער רב אין דער דערציילונג „אין אַ שלעפּ צוג" אַזוי שמייכלט איצט אַפּאַטאָשו נאָך זיין באַזוך ביי ר' איטשען אין גערער שטיבל. אָט־דעם גלויבן, אַז מיר וועלן אויך דעם המן בייקומען און אַרויס געשטאַרקטע, דעם גלויבן האָט דער רב, האָט ר' איטשע און ס'האָט אים אויך דער יידישער שרייבער דוד שטראַל־אַפּאַטאָשו. דער ציל, דער סדר פון די דערציילונגען אין בוך „ווען פוילן איז געפאַלן" איז געווען אויסגערעכנט אַזוי, אַז מיר זאָלן צוזאַמען מיט אַפּאַטאָשון קומען צו אָט־דעם שלוס, צו דעם דאָזיקן גלויבן.

כמעט אַלע דערציילונגען אין בוך פֿירן אונדז צו דעם דאָזיקן הויך־פּונקט און דערפֿאַר זענען אַלע דערציילונגען אין בוך באַהויכט מיט אַ געוויסן פּונק קדושה, זענען פֿול מיט יידישן חן, מיט ליבע צו יידן און יידישקייט. די אַלע דערציילונגען זענען אָנגעזאָפּט מיט יידישער טראַדיציע, מיט יידישער הערָאיק. און כאָטש יעדע דערציילונג טראָגט דעם שטעמפּל אויף זיך פֿון אָפּאַטאָשוס קינסטלערישער געשליפֿנקייט, פֿונדעסטוועגן שטייען נישט אַלע דערציילונגען אויף דער זעלביקער הויך פֿון גאַנצקייט, פֿון שלמות אויף וועלכער אָפּאַטאָשו האָט זיי געקענט אַוועקשטעלן. אין איייניקע דערציילונגען איז דאָ דער רמזדיקער סטיל, די שפּראַך, די סימבאָליק פֿון פּרצעס חסידיש; איבער אַנדערע שוועבט אַ שבתיומטובדיקייט ווי ביי אַשן אין „שטעטל", אָבער אַ פּאָר דערציילונגען ליידן פֿון אָפּגעהאַקטער קורצקייט, פֿון צוגעשניטנקייט צו אַ געוויסער מאָס. מיר פֿילן, אַז די דערציילונגען בעטן זיך מער המשכדיקייט, בעטן זיך מ'זאָל זיי מער פֿאַרגאַנצן.

אָבער בעת מיר לייענען אין דערציילונג נאָך דער אַנדערער זענען מיר אַזוי פֿאַרכאַפּט פֿון אינהאַלט, זענען מיר אַזוי מיטגעריסן מיט די געמעלן, וואָס אָפּאַטאָשו גיט אונדז, אַז מיר האָבן גאָר קיין צייט ניט צו טראַכטן וועגן די אָדער אַנדערע ניט פֿאָלקאָמקייטן. מיר לייענען וועגן אונדזערע פּיינען און ווייען, אָבער מיר האָבן גלייכצייטיק אַ גייסטיקע דערהויבונג, מיר לעבן דורך אַן עלית הנשמה ווען מיר לאָזן זיך אַוועק מיט אָפּאַטאָשון אויף די וועגן, וואָס פֿירן אונדז צו אונדזער רייכן, אוראַלטן קוואַל פֿון יידישן ביטחון, פֿון יידישער טראַדיציע און הערָאיק, די וועגן וואָס ציען זיך פֿון גערער שטיבל וואו ר' איטשע מקובל איז דאָ, די וועגן, וואָס ציען זיך פֿון קאָצק אַזש ביז ארץ־ישראל, ביז דעם ארץ־ישראל אין וועלכן ס'האָט געלעבט דער פֿאָטער פֿון יידישן חידערשטאַנד, פֿון קידוש השם, וואו ס'האָט געלעבט און געווירקט די הערָאישסטע יידישע פּערזענלעכקייט, דער תנא ר' עקיבא, וואָס האָט שוין לאַנג געלאָקט אָפּאַטאָשוס קינסטלעריש־שעפֿערישע פֿאַנטאַזיע. אָפּאַטאָשו יעט אַ נאָענטע קרובהשאַפֿט צווישן די גייסטיקע גיבורים פֿון געפֿאַלענעם פּוילן און ר' עקיבאן. און

ס׳איז דערפֿאַר געווען לאָגיש, אַז נאָכן קאַפּיטל הערקאַיק פֿון יידישן לעבן אין פּוילן, נאָך „ווען פּוילן איז געפֿאַלן״ זאָל אָפּאַטאָשו זיך ווידמענען צום גרויסן געשיכטלעכן ראָמאַן „ר׳ עקיבא״.

אָפּאַטאָשוס קרעדאָ ליגט נישט נאָר אין די דערציילונגען פֿון „ווען פּוילן איז געפֿאַלן״, זיין קרעדאָ קען מען געפֿינען אין זיינע קינסטלערישע שאַפֿונגען, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן דעמאָלט, ווען אָפּאַטאָשו האָט זיך אַ ווענד געטאָן צו זיין טאַטנס ירושה נאָך אינ־ספּיראַציע, נאָך שאַפֿונג־מאַטעריאַלן. אין ווערק נאָך ווערק געשטאָל־טיקט זיך יוסף אָפּאַטאָשוס איינגעבוירענע ליבע, זיין צוגעבונדנקייט צו זיין פֿאַרוואָרצלטקייט אינעם אוראַלטן יידישן ביטחון.

שוין לאַנג צוריק, נאָך איידער ער האָט געשריבן „ווען פּוילן איז געפֿאַלן״, נאָך פֿאַרן חורבן פּוילן, האָט אָפּאַטאָשו זיך אַליין געפֿרעגט די פֿראַגע וואָס איז יידישקייט, וואָס איז זיין אייגענע יידישקייט, וואָס דאַרף זיין דעם וועלטלעכן יידס יידישקייט? חוץ אין זיינע בעלעטעריסטישע שאַפֿונגען וואו זיין ענטפֿער ליגט אָנגע־וואָרפֿן, ליגט אין מויל פֿון דעם אָדער יענעם העלד זיינעם, חוץ אין די שאַפֿונגען האָט אָפּאַטאָשו אויף אַ פּובליציסטיש־עסייאיסטישן אופֿן אָפֿט פּרובירט געבן אַן ענטפֿער אויף דער פֿראַגע. אין עפֿנט־לעכע אַרויסטרעטונגען, אין געשריבענעם וואָרט האָט אָפּאַטאָשו אויף אַ קרישטאָל־קלאָרן אופֿן זיך און אונדז גענטפֿערט וואָס יידישקייט מיינט ביי אים.

אין ערשט נאָרוואָס דערשינענעם באַנד עסייען „יידן און יידיש־קייט״ (פֿאַרלאַג: גרשון פּאָמעראַנץ עסיי־ביבליאָטעק, טאָראָנטאָ, קאַ־נאַדע), זענען צונויפֿגעזאַמלט אָפּאַטאָשוס וויכטיקסטע ענטפֿערס אויף דער פֿראַגע. די עסייען, וואָס זענען געשריבן מיט אָפּאַטאָשוס גע־וויינטלעכן שטאַרקן סטיל, מיט זיין צמצומדיקייט, מיט זיין לויטערער קלאָרקייט, די עסייען זענען אַ קינסטלערישע דערגריי־כונג פֿאַר זיך אַליין. יעדער זאַץ אין די עסייען איז טראָגעדיק מיט געדאַנק, איז אָנגעפּראָפּט מיט אידייען. און אויב מיר האָבן פֿריער געדאַרפֿט זוכן אַן ענטפֿער אויף אָפּאַטאָשוס גייסטיקע געראַנג־לען בנוגע דער פֿראַגע יידן און יידישקייט, געדאַרפֿט זוכן אין זיינע ליטעראַרישע שאַפֿונגען, זיינע אָנצאָליקע ווערק, ליגט דאָ פֿאַר

אונדז אָפּאַטאָשוס אויפריכטיקער, טיף־דורכגעטראַכטער ענטפער אין דער פאָרמע פון קורץ־געפורעמטע אָבער אַ סך־זאָגנדיקע עסייען. ווען מיר לייענען די עסייען, ווען מיר לייענען ווי אָפּאַטאָשו זאָגט וועגן י. ל. פּרץ, אַז „ער האָט געוואָלט צוגענגלעך מאַכן פאַרן עם־הארץ די פאַרגאַנגענהייט, איז אַוועק אַהין און איז דאָרט געבליבן אַ געפאַנגענער" (ז. 14), הערן מיר אין די ווערטער אַן עכאָ פון אונדזער אייגענעם געדאַנק, אַז אָפּאַטאָשו איז אַוועק אין די „פּוילישע וועלדער" כדי דאָרט צו באַאָבאַכטן און דערנאָך צו מאָלן די ירידה פון קאָצק. און ער האָט דאָרט דערזען ר' איטשע מקובל און ער איז פון אים געפאַנגען געוואָרן. פּרץ איז אויך געווען אַ מתנגיד, ווי אָפּאַטאָשו איז געווען אַ פּראָטעסטאַנט קעגן די טשאָלנט־ריחות פון דער יידישער ליטעראַטור. פון פּרצעס מתנג־דות איז געבוירן געוואָרן דאָס ליריש־דערהויבענע קאַפּיטל „חסי־דיש", פון אָפּאַטאָשוס פּראָטעסט איז אַרויסגעוואַקסן אַ פייערלעך געזאַנג צו דער העראָאיק פון אונדזער אַמאָל. און אויב פון פּרצעס שאַפן שרייט אַרויס דער אמת: „לאָמיר אַליין דערפילן, אַז זיין אַ ייד, אַ געפייניקטער, איז אַ פּריווילעגיע" (ז. 16), הערט זיך דער דאָזיקער געשריי קלאָר און דייטלעך אין אָפּאַטאָשוס דערציילונגען פון „ווען פוילן איז געפאַלן", הערט זיך דער געשריי אין אַ סך ווערק, וואָס אָפּאַטאָשו האָט געשאַפן; און דער דאָזיקער רוף דערטראָגט זיך צו אונדז באַזונדער פון אָפּאַטאָשוס גרויס ווערק „ר' עקיבא".

דער באַגריף „וועלטלעכע יידישקייט" האָט באַין־אופן נישט גענומען אין פוילן באַטראַכט אָט־די דאָזיקע גרויסקייט פון דער פּריווילעגיע פון זיין אַ ייד. „וועלטלעכע יידישקייט", זאָגט אונדז אָפּאַטאָשו, איז „אַן אויסגעהוילטער באַגריף, איבערגענומען פון דער השכלה" (ז. 32) אמתע יידישקייט האָט אָפּאַטאָשו געזוכט, איז ער געגאַנגען זוכן אין גערער שטיבל אַריין, צו ר' איטשע מקובל. אונדזער אויסדויערע קראַפט ליגט באַהאַלטן אין די גייסטיקע כו־חות פון יענע יידן, וואָס זענען גאַנצע, פולע יידן. „אונדזערע זיי־דעס, אונדזערע עלטער זיידעס, גאַנצע יידן, האָבן אויפגענומען ס'רשעות פון דער גויאישער וועלט, ווי מען נעמט אויף פינצטערע

נאַטור־כּוחות... און דאָס האָט זיי געראַטעוועט פון אונטערגאַנג" (ז. 36). אַזוי נעמט אויף ס'רשעות פון די פּאָליאַקן דער רב אין דער דערציילונג „אין אַ שלעפּ צוג", אַזוי נעמען אויף דאָס רשעות פון היטלערן אַלע גאַנצע יידן אין די דערציילונגען פון „ווען פוילן איז געפאַלן", און אַזוי וויל אַפּאַטאָשו, אַז מיר, וואָס רופן זיך „וועלט־לעכע יידן", זאָלן אויפנעמען דאָס רשעות, וואָס רינגלט אונדז אַרום.

בכדי צו קענען אויפנעמען דאָס רשעות פון דער וועלט און בלייבן געפּאַנצערט, בלייבן שטאַרק, בלייבן פול מיט אונדזער אור־אַלטן ביטחון מיינט ניט, אַז מיר, וועלטלעכע יידן, דאַרפן זיך צו־ריקקערן צו דער רעליגיע פון ריטואַל, צו אַלע די רעליגיעזע אוי־סערלעכע אויסדרוקן, וואָס אונדזערע זיידעס האָבן מיט זיך מיט־געטראָגן אויף זייער לאַנגן גלות וועג. דער „וועלטלעכער ייד", ווי דער יידיש־וועלטלעכער קינסטלער „קען זיין אַנטי־ריטועל, אָבער ער איז קיינמאָל ניט אַנטי־רעליגיעז אין טיפערן זין" (ז. 38), ווייל זיין אַנטי־רעליגיעז מיינט פאַרלייקענען אונדזער קולטורעלע אָנגעהעריקייט, אונדזער קולטורעלן המשך און אָן המשך קען קיין קולטור ניט זיין.

און אַפּאַטאָשו פרעגט ווידער די אַלטע קשיה: וועמענס יידיש־קייט? ביי וועמענס יידישקייט דאַרפן מיר זיך האַלטן? און זיין ענטפער איז דאָ אַ מער בולטער ווי דער ענטפער, וואָס ר' אי־טשע מקובל פון גערער שטיבל האָט געגעבן אין דער דערציילונג „ווען פוילן איז געפאַלן". אונדזער יידישקייט ציט זיך פון גאָר לאַנג אָן, ציט זיך פון טאַטן, פון זיידן, פון „דורות, דורות", ציט זיך דורך די נביאים צום רמב"ם, צו משה העסן, צו יצחק לייבוש פרצן; זיי אַלע זענען דער סכום קולטור, וואָס הייסט יידישקייט: „און איך זאָג יידישקייט איז דאָס אַלץ און נאָך עפּעס" (ז. 40). דער „נאָך עפּעס" לאָזט זיך ניט גרינג דעפינירן, אָבער די דאָזיקע יידישקייט, וואָס איז כולל אין זיך דעם המשך פון די נביאים ביז אונדז, אָט דאָס הייסט יידיש לעבן און וואו ס'איז דאָ יידיש לעבן „דאָרט איז אויך דאָ דער חשמונאים פּלאַץ פון מודיעין, דער בר־כוכבא־פּלאַץ פון ביתר, דער ר' עקיבא פּלאַץ, וואָס אין יעדער עת־צרה פלאַ־קערט אויף און ס'ווערט ניט בלויז געבוירן אַ נייער יידישער ישוב,

נאָר אויך אַ ווידערשטאַנד, ווי דער ווידערשטאַנד אין דער וואַר־שעווער געטאָ, ווייל אין אונדז, יידן, לעבן נאָך ביזן היינטיקן טאָג די כוחות פון ביידע יוחננס, דער כוח פון יוחנן בן זכאַי, און דער כוח פון יוחנן גוש חלב" (ז. 52).

אונדזער היינטיקער דור יידן, דער ייד פון וואַרשעווער געטאָ, דער חלוץ ביים בויען און פאַרטיידיקן ישראל, דער ייד וואָס איז דערצויגן געוואָרן אויף דער יידישקייט „פון אַ פּרץ, פון דער גאַנצער יידישער ליטעראַטור, וואָס איז אַ המשך פון די נביאים, פון די תּנאים, פון יהודה הלוי און אויך פון „שולחן ערוך" (ז. 66), אָט דער ייד ווייזט אַרויס די גייסטיקע און פיזישע גבורה, וואָס איז איבערגעגאַנגען צו אים בירושה אי פון יוחנן בן זכאַי אי פון יוחנן גוש־חלב. מיר זענען די יורשים פון דער בוך־טראַדיציע, די טראַדיציע קען אַנצינדן אין אונדז אַ פלאַקער פון מסירת־נפשדיקן־אויפשטאַנד. מיר האָבן אָט־די גייסטיקע און פיזי־שע כוחות זיך קעגנצושטעלן אַ וועלט. מיר זענען גרייט צו שטאַרבן ווייל מיר ווילן לעבן, אָבער אין פייער פון קאַמף פאַרגעסן מיר קיינמאָל ניט אונדזער גרויסע ליבע צום בוך, צום ספר. מיר פאַרמאָגן די כוחות פון אַ ר' עקיבא און מיר האָבן זיין ליבע צום וואָרט: „אָט־די כוחות פאַרמאָגן מיר, אָט־די ליבע צו דער תּורה, צום ספר, צום בוך פאַרמאָגן מיר. ייד און תּורה זענען סינאָנימען" (ז. 96).

אָט־די דאָזיקע ליבע, אָט־די איבערצייגונג, אָט דער גלויבן, אַז די פלאַמען פון ר' יוחנן בן זכאַי און יוחנן גוש חלב זענען קיינ־מאָל אין אונדז ניט פאַרלאָשן געוואָרן, אָט־דער שטאַרקער גלויבן דרינגט אַרויס פון אַ סך קינסטלערישע ווערק, וואָס אַפּאַטאָשו האָט געשאַפן און די דאָזיקע לויטערע רייד, וואָס אַפּאַטאָשו דריקט אויס אויף אַן עסייאיסטישן אופן, דעם דאָזיקן גלויבן האָט ער געגעבן קינסטלערישן אויסדרוק אין זיינע דערציילונגען „ווען פוילן איז געפאַלן" און ספּעציעל, און באַזונדער בולט קומט דער דאָזיקער געדאַנק, דער דאָזיקער גלויבן צום אויסדרוק אין זיין מאָנומענטאַל

ווערק, אין זיין ראָמאַן „ר׳ עקיבא״ אין דעם ראָמאַן, וואו ר׳ יוחנן בן זכאַי, — ר׳ עקיבא, און ר׳ יוחנן גוש חלב — בר־כובא זענען די פֿאַרקערפּערונג פֿון די פֿלאַמען פֿון גייסטיקער און פֿיזישער גבורה, וואָס האָבן אונדז דורכגעפֿירט אומבאַשיידיקט דורכן לאַנגן גלות־וועג, וואָס ציט זיך נאָך ביז היינט.

ווי מיר האָבן שוין אויבן אָנגעוויזן איז י. אָפּאַטאָשוס שרייבערישער וועג נישט בלויז אַ כסדרדיקער באַרג־אַרויף אין די ריין־טעכנישע און אלגעמיינע קינסטלערישע דערגרייכונגען, נאָר אויך זיין טעמאַטיק, דער עצם אינהאַלט פון זיין שרייבן, שטייגט אַלץ העכער און העכער. פון יענע ערשטע טעמעס, פון יענע ערשטע העלדן, וואָס זענען געווען פון די נידעריקסטע שיכטן פון יידישן לעבן, פון די פערד גנבים, קונצענמאַכערס און טענצערינס, וואָס זענען געווען אָפּאַטאָשוס שרייבערישער באַגאַזש, ביז די העלדן פון „אין פוילישע וועלדער", „1763", „אַ טאָג אין רעגענסבורג" און „ווען פוילן איז געפאַלן" איז אַזאַ גוואַלדיקער מהלך ווי ס'איז ווייט אָפּאַטאָשוס קרעפטיגער סטיל, זיין בילדלעכקייט אין די שפּעטערדיקע ווערק אין פאַרגלייך מיט דער שפּראַך, מיטן אופן דערציילן אין זיינע פריערדיקע שאַפונגען.

אָפּאַטאָשוס טענדענץ זיך אַוועקצורייסן פון זיין אַמאָליקער טעמע, פון דער טעמע פון פּשוטן פאָלק, ניין, פון דער טעמע פון דער האַלב־פרעמדער יידישער כמו־באַהעמע, די טענדענץ זעט זיך שוין פרי און בולט אין זיין מייסטער־ווערק „אין פוילישע וועלדער" און אפשר נאָך פריער. אָבער אין „אין פוילישע וועלדער" ציימט ליגט נאָך ביי אָפּאַטאָשון דער פּראָטעסט קעגן די „טשאָלנט ריחות אין דער יידישער ליטעראַטור" צופיל אויפן אויבערפלאַך פון זיין באַוואוסטזיין און אָנשטאָט זיך צו לאָזן פירן פון דער דערהויבנקייט פון דער טעמע, אָנשטאָט צו לאָזן די געהויבענע סביבה פון דער טעמע פירן זיין פעדער אויף דער באַרגאַרויפיקייט פון איינהאַלט, פירט אָפּאַטאָשו די טעמע אַראָפּ פון איר הויכן פּעדעסטאַל און מאָלט גאָר די ירידה פון דער אידייע, די ערדישקייט, דעם באַרג־אַראָפּ פון קאָצקער הויף. די פאַרוואָרצלטקייט אין זיין אַמאָל דערלויבט אים נישט צו מאָלן די פייערלעכקייט, דאָס אידיליש־שיינע פון חסידות. פאַרהערלעכן דעם קאָצקער הויף וואָלט געמיינט אַ דעפיניטיווער איבעררייס מיט זיין ערשט־נעכטיקער טעמע. ער צאָלט נאָך אויך אין „אין פוילישע וועלדער" פּראָצענט צו זיין רעוואָלט קעגן דער איינגעזבירגערטער טעמע אין דער יידישער ליטעראַטור. אָבער זיין רעוואָלט לעשט זיך שוין דעמאָלט

אין אים, און מיט וועגן און בײוועגן ציט ער זיך צום געדאַנק, צו דער אידייע, אַז באַזינגען, מאָלן, קינסטלעריש צײכענען לוינט זיך בעסער, דאַרף מען בעסער נישט די קונצנמאַכערס און פֿערד־גנבים, וואָס זענען נישט קיין כאַראַקטעריסטישע באַשטאַנדטיילן פֿון יידישן לעבן, וואָס זענען בלויז צופֿאַלן בײ יידן, נישט זיי דאַרפֿן זיין זיין טעמע נאָר גראָד יענע העלדן און טיפּן, וואָס שטעלן מיט זיך פֿאָר דאָס קערנדיקע, דאָס וואָגיקע אין דער געשיכטע פֿון דער יידישער אויסדויער־קראַפֿט, אין דער געשיכטע פֿון לעבן פֿון יידן אין אַלע צייטן. און אָנשטאָט צו זוכן דאָס נעגאַטיווע אין דער באַרג־אַרויפֿיקער טעמע הייבט אָפּאָטאָשו אָן צו געשטאַלטיקן זיין טעמאַטיק אין איר געהעריקער ליכט, אין איר אמתן פּערספּעקטיוו. זיין שטייגן באַרג־אַרויף ווערט אויף אַזאַ אופֿן געפּאָרט אי קינסטלעריש אי טעמאַטיש. ער בלייבט אָבער שטענדיק געטריי זיין רעאַליסטישן צוגאַנג צו זיינע העלדן. ער לאָזט זיך נישט פֿאַרפֿירן פֿון דער ראָמאַנטישקייט פֿון זיין נייעם אינהאַלט, אָבער ער מאַכט אַ ריס מיט זיין נעכטן, וואָס ער האָט קינסטלעך אויף זיך אַרויפֿגעצוואונגען, און ער גיט זיך אַליין צו, אַז נישט אַלץ, וואָס האָט געשמעקט מיט „טשאָלענט" אין דער יידישער ליטעראַטור דאַרף פֿאַר אים זיין טאַבו. נאָך מער, ער זעט איין, אַז באמת איז ער גאָר טיף פֿאַרוואָרצלט נישט אין דער פּסיכיק פֿון יענע העלדן, די פֿערד־גנבים, די אונטערוועלט מענטשן, נאָר זיין גאַנצער „איך" קער גאָר צו דער טעמע, וואָס ער האָט אַמאָל אַזוי אכזריותדיק געטריבן פֿון זיך. נישט נאָר אין „1863", אין „די טענצערין" און אין „אַ טאָג אין רעגענסבורג". נאָר אין אַ גרויסער צאָל דערציילונגען, קרעפּטיקע דערציילונגען, זעט זיך שוין שטאַרק אָן אָפּאַטאָשוס ריס מיט זיין אַמאָל. זיינע טריט צו דער באַרג־אַרויפֿיקער טעמע זענען איצט מער בולט, מער דרייסט, מער אָנגעהויבט מיט נייעם באַוואוסטזיין, מיט זיינע נייע איבערצייגונגען, מיט דער נייער טענדענץ אין שרייבן, וואָס פֿירט אים אויפֿן וועג פֿון ברייטערע און העכערע קינסטלערישע דערגרייכונגען.

און געטריי צו אָט־דער נייער טענדענץ זיינער גייט ער אַ טריט ווייטער אין זיין באַרגאַרויפֿיקן מאַרשרוט. ער לאָזט זיך אַוועק

צו די אַנאַלן פֿון דער גלאָררייכער יידישער געשיכטע פֿון קאַמף און קדושה, ער דערהויבט זיין טעמע צו די הייכקייטן פֿון תנא ר׳ עקיבא און צום לעצטן געראנגל, וואָס אונדזערע העלדן פֿון אַמאָל האָבן געפֿירט קעגן די אכזריותדיקע רוימישע אונטערדריקערס. ער קלייבט און זאַמלט אוצרות בוי־מאַטעריאַל, קולטור־געשיכטע, שטייגער לעבן, מנהגים, זיטן, שפּראַך־ניואַנסן און שפּראַך־אייגנשאַפֿטן און ער נעמט זיך בויען זיין בנין, דעם היסטאָרישן ראָמאַן „ר׳ עקיבא״, אָדער „דער לעצטער אויפֿשטאַנד״.

ליגט פֿאַר אים דער אָנגעזאַמלטער אוצר געשיכטלעכע מאַטעריאַלן, זעט ער די הויפֿנס, די בערג בוי־שטאָף, וואָס בעטן זיך ער זאָל זיי נוצן אין זיין פּלאַנירטער געביידע און ער פֿרעגט זיך אַליין: „וועלכע שטאָפֿן זאָל איך נוצן און וועלכע זאָל איך אויסלאָזן?״ ווייל ס׳איז קלאָר פֿאַר אָפּאַטאָשון, אַז אַלץ נוצן, אַלץ פֿאַרברויכן אין זיין געבוי וועט ער נישט קענען. צו רייך איז די עפּאָכע אין געשעענישן, אין פּערזענלעכקייטן מ׳זאָל קענען וועגן אַלץ און וועגן אַלע שרייבן. זיין געביידע וואָלט אויסגעוואָקסן צו ריזיק־גרויס, צו פֿיל־שטאָקיק. ער מוז שניידן, אָפּקלייבן, אויסקלייבן דאָס וואָס איז צום וויכטיקסטן, וואָס איז צום נויטיקסטן, וואָס איז צום גייסטן, צום אומבאַקאַנטסטן.

אָט שטייט פֿאַר אים די טורעמדיקע פֿיגור ר׳ עקיבא, און ווען אָפּאַטאָשו הייבט אויף די אויגן און וויל אַרויפֿקוקן צו די הייכן פֿון ר׳ עקיבאס אויסטערלישער פּערזענלעכקייט, טוט אים אַזש אַ מיש אין קאָפּ. אַזוי פֿיל איז דאָ צו דערציילן, צו שרייבן וועגן אים אַליין, אַז אויב ער זאָל וועלן מאָלן ר׳ עקיבאַן אַליין וואָלט שוין קיין פּלאַץ נישט געבליבן פֿאַר קיינעם, נישט פֿאַר קיין אַנדערע מיטצייטלער, נישט פֿאַר דער סביבה און נישט פֿאַרן אויפֿשטאַנד גופֿא. און וואָס, פֿרעגט זיך אָפּאַטאָשו, איז ער דען אויסן מיט זיין געפּלאַנירטער געביידע? ווייל ער דען מאָלן דעם באַרימטן תנא, דעם באַליבטן העלד, וואָס איז אונדז אַלע אַזוי גוט באַקאַנט? און זאָל ער זיך לאָזן פֿאַרפֿירן פֿון דער תאווה פֿון מאָלן אָט־די גיגאַנטישע פֿיגור, איז וואָס וועט געשען מיט זיין עצם פֿאַרלאַנג אונדז צו געבן אַ בילד, אונדז אַריינצופֿירן מיט ביידע פֿיס אין די

הייזער, אין די ווינקלען, אין די גאַסן, וואו ס'האָבן געלעבט די יידן, די פּשוטע יידן פון יענער צייט, די יידן, וואָס זענען געווען די וואָס האָבן מיט זייער בלוט און פלייש דורכגעפירט דעם אויפשטאַנד קעגן רוים?

און אַפּאַטאָשו האָט זיך געזאָגט: ר' עקיבאַן קענען אַלע, זיין הערלעכע פיגור איז טיף איינגעבאַקן אין האַרץ פון יעדן איינעם פון אונדז. די גאַנצע אמת־ראָמאַנטישע פאַבולע עקיבא, זיין שטייגן פון זיין אַ פּשוטער פאַסטעך ביז ווערן שיר דער גרעסטער תּנא פון אַלע צייטן, זיין צניעותדיקע ליבע, זיין טריאומף־מאַרש מיט פערציק טויזנט תּלמידים, אַלץ, אַלץ איז שוין לאַנג געוואָרן אַ טייל פון וויסן פון יעדן חדר־יינגל, איז לאָמיר בעסער לאָזן אָט־די חזי־זיע פון ר' עקיבאַן בלייבן ווי אַ מין הינטערגרונט פון מיין ראָ־מאַן. דער נאָמען אַליין וועט שוין אַרויסרופן די גאַנצע קייט וואונ־דערלעך־ראָמאַנטישע געשעענישן אין מיין העלדס רייך און מוס־טערהאַפט לעבן. זיין נאָמען וועט זיין ווי ווייטע, לולודיקע מוזיק, וואָס שפּילט ערגעץ הינטערן עקראַן אין דער צייט ווען די הויפּט־אַקציע, „דער לעצטער אויפשטאַנד", וועט זיך אָפּשפּילן פאַר אונד־זערע אויגן. און אַנשטאָט צו לאָזן ר' עקיבאַן דאָמינירן דעם גאַנצן אַרום, אַנשטאָט צו לאָזן זיין פּערזענלעכקייט פאַרשאָטענען די גאַנ־צע סביבה, האָט אַפּאַטאָשו באַשלאָסן צו האַלטן ר' עקיבאַן אין הינטערגרונט, אים צו לאָזן דערשיינען נאָר דעמאָלט ווען זיין אַרויסטריט איז נוצלעך און נויטיק.

טאָקע דערפאַר, נאָכדעם ווי אַפּאַטאָשו האָט באַזיגט די תאווה אין זיך צו דערציילן און איבערדערציילן דאָס חזקס לאָזט זיך אַזוי גרינג דערציילן אין ר'עקיבאַס לעבן, טאָקע דערפאַר האָט אַפּאַטאָשו אַריינגעפירט ר' עקיבאַן אין זיין ראָמאַן נישט דעמאָלט ווען ר' עקיבא גייט פון טריאומף צו טריאומף אין זיין שטייגנדיקן גאַנג פון זיג צו זיג, נאָר ער האָט אים אַריינגעפירט שוין לאַנג נאָך דעם ווי ר' עקיבא האָט געהאַט דערגרייכט די העכסטע שטאַפּ־לען אין זיין לעבן. ר' עקיבא באַווייזט זיך פאַר אונדז ווען ער איז שוין זאַט אין כבוד און רייף אין יאָרן; מיר דערזען אים ווען ער איז ביים שפּיץ פון זיינע דערגרייכונגען. אַפּאַטאָשו פירט אים אַרויס

ווען די „העכסט אינטערעסאַנטע" געשעענישן אין זיין לעבן זענען שוין לאַנג דורך. דאָס „סענסאַציאָנעלע" אין ר׳ עקיבאס לעבן לאָזט אַפּאַטאָשו בכּיון אויס און אויף אַזאַ אופן נעמט אַפּאַטאָשו פון זיך אַליין אַוועק אַ גרויסן טייל, דעם גאָר גרעסטן טייל נאַראַטיוו־דערציילערישע מאַטעריאַלן, וואָס איז פאַר אים געלעגן גרייט און זיך געבעטן ביי אים: „אָט האָטו, אָט ליג איך פאַר דיר אַ פאַר־טיקע פאַבולע, נעם דיין פעדער און שרייב, דערצייל".

אוודאי וואָלט אַפּאַטאָשו געקענט דערציילן, פליסיק דערציילן, קינסטלעריש דערציילן די מעשׂה ר׳ עקיבא און זי וואָלט ביי אים אַרויסגעקומען „שפּאַנענד". אַז אַפּאַטאָשו קען דערציילן, מעשׂהדיק דערציילן, דאָס האָבן מיר שוין אָנגעוויזן ווען מיר האָבן גערעדט וועגן זיינע ערשטע דערציילונגען און ראָמאַנען. עס איז גרינגער צו דערציילן, ספּעציעל דעמאָלט ווען דער מאַטעריאַל איז אַזוי רייך אין נאַראַטיווער אָנגעלאָדנטקייט ווי ס׳איז דאָס לעבן פון ר׳ עקיבאן, עס איז זיכער גרינגער צו דערציילן ווי צו מאָלן, ווי צו שילדערן אויף אַ ברייטער, געשיכטלעך־אמתער קאַנווע, ווי צו מאָלן געטריי און ערלעך צו דער צייט, וועגן וועלכער מען שרייבט. אַפּאַטאָשו האָט אויסגעקליבן אין זיין ראָמאַן „ר׳ עקיבא" דעם קינסטלערישן מעדיום פון מער מאָלן און ווייניקער דערציילן, מער בילד און ווייניקער פאַבולע, מער געבן סביבה ווי פּיקאַנטע, „אינטערעסאַנ־טע" עפּיזאָדן און געשעענישן, מיט וועלכע מיר זענען סיי־ווי־סיי באַקאַנט. מיר מיינען דערביי נישט צו זאָגן, אַז דער ראָמאַן „ר׳ עקיבא" פון וועלכן מיר האָבן דערווייל בלויז דעם ערשטן טייל, אַז דער ראָמאַן ליידט דערפון, וואָס עס פעלט אין אים פאַבולע, ניין, עס איז דאָ אין יעדן קאַפּיטל פון ראָמאַן אַ קייט געשעענישן, אַ כסדרדיקע דערציילערישע באַוועגונג, וואָס בינדט איין קאַפּיטל מיטן אַנדערן און פירט פאָרויס צו דער הויפּט־אַקציע, וואָס דאַרף פאָרקומען אין צווייטן טייל פון ראָמאַן, צום לעצטן אויפשטאַנד. אָבער דעם אויבנאָן אין דעם טייל פון ראָמאַן פאַרנעמט נישט אַזוי־די פאַבולע ווי די סביבה, דער אַרום, דער שטייגער, דאָס טאָג־טעג־לעכע לעבן פון די, וואָס דאַרפן שפּעטער אַרויסטרעטן אויף דער

געשיכטלעכער אָרענע און אָנפֿירן דעם לעצטן הערָאָאישן קאַמף פֿאַר נאַציאָנאַלער באַפֿרייאונג.

אויף זייטל נאָך זייטל, אין קאַפּיטל נאָך קאַפּיטל פֿירט פֿאַר אונדז י. אָפּאַטאָשו אַרויס, לעבט פֿאַר אונדז דער שרייבער אויף די מענטשן, וואָס האָבן געלעבט און געווירקט אין יענער צייט פֿון פֿאַרן אויפֿשטאַנד. ער באַקענט אונדז מיט דעם אַריסטאָקראַטיש־יידישן הויז פֿון די קבוסהס; ער פֿירט אונדז אַריין אין דער פּונדקאַ, דאָס גאַסט־הויז אָדער שענק פֿון יענער צייט; ער לאָזט אונדז אַריינקומען אין דעם הויז פֿון דער אַסימילאַטאָרישער לו־ליאַנוס פֿאַמיליע אין קסריה; מיר כאַפּן מיט אים אַ שפּאַציר אין יידישן דאָרף בית שאָן; מיר באַקענען זיך נאָענט, מיר ווערן היימיש מיטן „עם הארץ” פֿון יענער צייט; ער לאָזט אונדז אַריינגיין אין די זייטיקע געסלעך פֿון יריחו; מיר טרעפֿן זיך מיט יידן, מיט רוי־מער, מיט פּויערים, מיט סוחרים, מיט בעל מלאכות, מיט דיפּלאָ־מאַטן, קינסטלערס און סתם מענטשן.

אָפּאַטאָשו פֿירט אונדז אַריין מיט ביידע פֿיס אינעם לעבן פֿון אַמאָל און פֿון יעדן ווינקל, פֿון יעדן הויז, פֿון יעדער שטאָט דער־גרייכן צו אונדז די לעבעדיקע, פּולסירנדיקע קלאַנגען פֿון א סביבה, וואָס איז אַזוי ווייט פֿון אונדז אין צייט און דאָך אַזוי נאָענט און היימיש ווי מיר וואָלטן געהאַט צו טאָן מיט היינטצייטיקע מענטשן, מיט היינטצייטיקע יידן, מיט די יידן פֿון ערשטיקן ישראל.

די הערָאָאישע פֿיגורן פֿון דער יידישער געשיכטע פֿון דער ביבלישער און נאָך ביבלישער צייט זענען שוין פֿון לאַנג אַ קוואַל פֿון אינספּיראַציע פֿאַר יידישע און נישט יידישע שרייבערס און קינסטלערס פֿון גאָר דער וועלט. אין די לעצטע פֿאַר יאָר האָבן אַזעלכע שרייבערס ווי טהאָמאַס מאַן, פֿויכטוואַנגער, און אַפֿילו אַזאַ ענגליש־יידישער שרייבער ווי האָוואַרד פֿאַסט, אָנגעשריבן גרעסערע אָדער קלענערע ווערק וועגן די העלדן פֿון אונדזער אַמאָל. צווישן יידישע שרייבערס פֿאַרנעמט זיכער שלום אַש אַן אָנגעזעענעם אָרט אין זיין באַנוץ פֿון געשיכטלעכע שטאָפֿן פֿאַר זיינע ראָמאַנען. אַש וואָס האָט שטענדיק געזוכט דאָס דערהויבענע, דאָס יום־טובדיקע אין יידישן לעבן, האָט אין אונדזער געשיכטע

געפֿונען אַן אוצר מיט מאָטיוון, וואָס זענען געווען ווי צוגעפּאַסט פֿאַר זיין קינסטלערישן געמיט־צושטאַנד, פֿאַר זיינע דיכטערישע נייגונגען און טענדענצן. צו יעדער געשיכטלעכער טעמע, וואָס ער האָט זיך צוגערירט, האָט ער אין איר אַריינגעאָטעמט זיין גאַנ־צע וואַרעמקייט, אַ וואַרעמקייט וואָס דערגרייכט אָפּט ביז העכערע גראַדן היץ. ער האָט זיינע געשיכטלעכע העלדן באַלעבט מיט מאָ־מעדיקער צאַרטקייט, מיט דער יום־טובדיקייט פֿון שבת אין די הייזער פֿון זיינע יחזקאל גאָמבינערס אין יידישן שטעטל.

אָפּאַטאָשו האָט ביז די „אין פּוילישע וועלדער" כמעט ווי נישט גענוצט אָדער גאָר ווייניק גענוצט די געשיכטלעכע טעמע פֿאַר זיינע ראָמאַנען און דערציילונגען. „אין פּוילישע וועלדער" און „1863" זענען געווען אָפּאַטאָשוס ערשטע פֿאַרמעסטן אונדז צו געבן ראָמאַנען אויף ברייטע געשיכטלעכע קאַנוועס; אָבער אָפּאַ־טאָשוס צוגאַנג צו דער געשיכטלעכער טעמע איז דאָרט געווען גאָר אַן אַנדערער ווי אַשס. אָפּאַטאָשוס צוגאַנג צו געשיכטלעכע שטאָפֿן איז דעמאָלט געווען אַ ניכטער־רעאַליסטישער צוגאַנג. אין זיין לעצטן ראָמאַן, אין „ר' עקיבא", איז נאָך אָפּאַטאָשו אַלץ גע־בליבן געטריי זיין רעאַליסטישן צוגאַנג צו דער געשיכטלעכער טעמע אָבער אַנשטאָט אַרויסצוהייבן דאָס נעגאַטיווע פֿון דער טע־מע, ווי ער האָט פֿריער געטאָן אין „אין פּוילישע וועלדער", זוכט אָפּאַטאָשו דאָ צו מאָלן און ער מאָלט דאָס פּאָזיטיווע, דאָס דערהוי־בענע.

אַש, ווי פֿויכטוואַנגער, ווי טהאָמאָס מאַן, ווי האַוואַרד פֿאַסט, זיי אַלע האָבן געוואָלט זען און האָבן געזען די געשיכטלעכע העלדן אין זייער שבתדיקייט, אין זייער דערהויבנקייט. אָפּאַטאָשו האָט ביזן ערשטיקן ראָמאַן „ר' עקיבא" געקוקט אויף זיינע געשיכט־לעכע העלדן מיט קריטיש ניכטערע אויגן און ער האָט זיי געמאָלן אין זייער וואָכעדיקייט, אין זייער טאָג־טעגלעכקייט.

פֿויכטוואַנגער האָט אין זיין „יוסיפון"־טרילאָגיע פּרובירט מיט אַלע כּוחות ריינצוואַשן דעם געוועזענעם גענעראַל פֿון די יידישע אַרמייען אין גליל, יוסף בן מתתיהו, ער האָט יוספֿן אַרויס־געהויבן, ער האָט אים באַקרוינט מיט אַ שלייער פֿון ראָמאַנטיש־

קײַס; ער האָט אַרײַנגעװעבט אַ שטילע אַפּאָלאָגעטיק דאָרט װאו זײַן העלד האָט זיך געניטיקט אין פֿאַרטײדיקונג.

סהאָמאַס מאַן האָט אין זײַן „יוסף" טעטראַלאָגיע גענוצט העלע פֿאַרבן צו מאָלן דעם יונגן, גרויסהאַלטערישן, דעם לעגענדאַרישן העלד זײַנעם. ער האָט זיך געװענדט צו דער מאָדערנער פּסיכאָ־אַנאַליטישער װיסנשאַפֿט כּדי צו געפֿינען אַ באַרעכטיקונג פֿאַר די האַנדלונגען פֿון זײַן העלד. מיט פּלפּולים און פֿילאָזאָפֿישע געדאַנקען־געװעבן, מיט דער הילף פֿון טעאָלאָגישע אַרגומענטאַציעס און באַװײַזן דערפֿירט ער יוספֿן צו די הייכן פֿון אַ דעמיגאָט, װאָס קען אויף זיך נישט האָבן קײן שמץ פֿון קײן עװלהדיקער האַנדלונג.

צי װענען די אויבנדערמאָנטע שרײַבערס געשיכטלעך מער אויסגעהאַלטן אין זײַער צוגאַנג צו זײַערע העלדן װי אַפּאַטאָשו איז געװען אין זײַן באַהאַנדלונג פֿון ר' מענדעלע אין „אין פּוילישע װעלדער"? עס קאָן גרײלעך זײַן, אַז אין אַפּאַטאָשוס אופֿן פֿון מאָלן דעם קאָצקער הויף איז דאָ אַ סך מער אמת, אַ סך מער געשיכטלעכע פֿאַקטן װי אין מאַנס צײכענען און באַשרײַבן די געקינצלטע פֿאַרשװינען, װאָס פֿילן אָן די פּאַלאַצן פֿון די פּרעהס, װאו יוסף דרײט זיך אַרום װי עפּעס אַ „דאַנדי" אויף שטאָלצן. אַש, מאַן, פֿויכטװאַנגער, זײ האָבן נישט געזוכט קײן געשיכטלעכע אמתן אין זײַערע טעמעס; זײ האָבן געזוכט פֿאַרבן, קאָלירן, דערהויבנקייט און ראָמאַנטישקײט. אַפּאַטאָשו האָט שטענדיק געװאָלט זען, האָט שטענדיק געזען, האָט אַלע מאָל געזוכט צו דערגײן צום אמת פֿון זײַן געשיכטלעכע טעמע, צום אמת פֿון דער צײַט, װאָס ער האָט געמאָלן.

דעם דאָזיקן אמת טראָגט אַפּאַטאָשו אויך אַרײַן אין זײַן לעצטן ראָמאַן „ר' עקיבא". אָבער אויב ער האָט דעם אמת פֿריער באַנוצט כּדי אַרויסצוהײבן דאָס נעגאַטיװע פֿון דער צײַט, פֿון דער עפּאָכע, װאָס ער האָט געמאָלן, אויב צוליבן אמת האָבן מיר געקראָגן אַ בילד פֿון קאָצקער הויף אין זײַן ירידה, נוצט אַפּאַטאָשו אין זײַן „ר' עקיבא" ראָמאַן דעם אמת כּדי צו דערהויבן, כּדי אַלץ שטאַרקער צו פֿאַרהערלעכן די גרויסע געשטאַלט פֿון זײַן העלד.

נישטאָ קיין נעגאַטיוועד שטריך אין בילד, וואָס ער גיט אונדז פֿון ר׳ עקיבאַן. ר׳ עקיבא איז געמאָלן מיט פּיעטעט, מיט ליבע פֿון אַ תּלמיד פֿאַר זיין רבין. אָפּאַטאָשו זעט ר׳ עקיבאַן אין זיין דער־הויבנקייט, אין זיין פֿולער מאַיעסטעט פֿון אַ פֿירער, אַן אויסדער־וויילטן פֿירער; ער זעט אים אין זיין יום־טובדיקייט.

ביי אַשן איז דאָס מאָלן זיינע געשיכטלעכע העלדן אין דער יום־טובדיקער ליכט כּמעט ווי אַ ציל פֿאַר זיך אַליין; ביי אַשן זענען די עמאָציעס און געפֿילן פֿון זיינע העלדן דער עיקר און דאָס מאָלן פֿון דער סביבה איז אָפֿט בלויז אַ דעקאָראַטיווער עפֿעקט, וואָס פּרו־בירט בולטער מאַכן זיינע געשטאַלטן. ביי אָפּאַטאָשון פֿאַרנעמט אין ראָמאַן „ר׳ עקיבא״ די סביבה אַ פּראָפּאָרציאָנעל גרעסערן פּלאַץ ווי די עמאָציעס און געפֿילן פֿון זיינע העלדן, ווי זייער געמיט־צושטאַנד. דורך מייסטערישער טעכניק פֿון נוצן פֿאַרב און קאָליר, דורך קינסטלעריש־פּינקטלעכער צייכענונג פֿון היסטאָרישן הינ־טערגרונט, רעסטאַווירט פֿאַר אונדז אָפּאַטאָשו בולט און קלאָר די צייט, די עפּאָכע, דאָס אָרט, די אַרענע אויף וועלכער ער פֿירט פֿאַר אונדז אַרויס די געשיכטלעכע העלדן, וואָס דאַרפֿן שפּילן די ראָלן, וואָס ער טיילט פֿאַר זיי אויס אין געשיכטלעכן ראָמאַן „ר׳ עקיבא״.

י. אָפּאַטאָשוס „ר׳ עקיבא״ איז דערשינען אין בוך־פֿאָרם אין אַ העברעאישער איבערזעצונג אין תּל־אביב אַ סך פֿריער איידער דאָס בוך איז אַרויס אין יידישן אָריגינאַל. אין ישראל ווערט דער ראָמאַן אָנגערופֿן דער ארץ־ישׂראלדיקער ראָמאַן. און דער דאָזיקער נאָמען דריקט באמת אויס אויף אַ צמצומדיקן אופֿן די אידייע, דעם גייסט, דעם אינהאַלט פֿון ראָמאַן. „ר׳ עקיבא״ איז אַ ווערק, וואָס איז פֿון אָנהויב ביזן סוף באַהויכט מיטן גייסט, אָנגעפֿילט מיט דער לופֿט פֿון ארץ־ישׂראל. באַלד פֿון ערשטן זייטל פֿון בוך פֿילן מיר, אַז אָפּאַטאָשו נעמט אונדז אַרויס פֿון אונדזער היגער סביבה, עפֿנט פֿאַר אונדז אויף טיר און טויער פֿון ארץ־ישׂראל ערב דעם לעצטן אויפֿשטאַנד.

מענטשן און חיות, פֿעלדער און וועלדער, גאַסן און הייזער, אַ כּסדרדיקער שטראָם פֿון בילדער און פּאַסאַזשן פֿון אַמאָליקן ארץ־

ישראל באַווייזן זיך פֿאַר אונדז ווי אויף אַן עקראַן אין קאַפּיטל נאָך קאַפּיטל.

מיר דאַרפֿן לאַנג נישט לייענען כדי זיך באַלד צו איבערצייגן, אַז אָפּאַטאָשו האָט נישט געשפּאָרט קיין מי און קיין צייט זיך צוצוגרייטן צו דער דאָזיקער וואָגיקער אַרבעט. אויף יעדן קער און ווענד זעען מיר מיט וואָסער התמדה דער שרייבער האָט געזאַמלט ציגל נאָך ציגל פֿאַר זיין בנין. צו דערגרייכן צו די וואָרצלען פֿון דער צייט, וואָס ער האָט געוואָלט מאָלן, אַוועקצושטעלן זיין געביידע אויף אַ געזונטן פֿונדאַמענט, האָט אָפּאַטאָשו זיך נישט פֿאַרלאָזט בלויז אויף זיין קינסטלערישער אינטואיציע, נאָר ער האָט געלערנט און געפֿאָרשט.

אין אַן אינטערוויו אַט־דאָ נישט לאַנג, האָט טהאָמאַס מאַן געזאָגט וועגן זיין געשיכטלעכער טעטראַלאָגיע „יוסף“, אַז ער האָט קיינמאָל נישט בדעה געהאַט צו שרייבן אַזאַ גרויסע אַרבעט וועגן אונדזער ביבליש־לעגענדאַרישן העלד. ער האָט דאָס ווערק אָנגעהויבן ווי אַ קורצע דערציילונג. אָבער בעתן פֿאָרשן און זוכן סביבה־ און שטייגער־מאַטעריאַלן פֿאַר דער דערציילונג האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויף אַזאַ אוצר אָנרעגנדיקע ידיעות, אַז ער איז פֿון טאָג־צו־טאָג אַריינגעצויגן געוואָרן מער און מער אין יענער עפּאָכע און פֿון די אַלע אָנגעזאַמלטע נאָטיצן איז אויסגעוואַקסן ביי אים די „יוסף“ טעטראַלאָגיע.

אָפּאַטאָשו האָט זיין ראָמאַן „ר׳ עקיבא“ נישט באַדאַרפֿט אָנהייבן פֿון אַ קורצער דערציילונג, ווי מאַן. די געאָגראַפֿיע, דער קלימאַט פֿון ארץ־ישראל איז אים געווען אַזוי נאָענט און אייגן, אַזוי איינגעבאַקן אין האַרצן, אַז אַזוי שנעל ווי ער האָט געהאַט פֿאַר זיך די אָנגעזאַמלטע פֿאַקטישע־ און שטייגער־מאַטעריאַלן האָט ער זיך אידייאיש און גייסטיק איבערגעטראָגן אין לאַנד פֿון אונדזערע אבות — און שוין האָבן ארץ־ישראל ווינטן און ווינטלעך זיך צעשעפּטשעט אויף זייט נאָך זייט פֿון זיין בוך.

אָפּאַטאָשו האָט געוואוסט וואָס ער וויל שרייבן. ער האָט פֿון פֿריער געהאַט אַ פֿאַרטיקן פּלאַן. ער האָט געוואָלט אָנשרייבן אַ ווערק וועגן אַמאָליקן יידישן היימלאַנד. דערפֿאַר איז זיין ראָמאַן

אַזוי נאָענט צו דער ערד, דערפֿאַר רופֿן אים די יידן אין ישראל — דער ארץ־ישראלדיקער ראָמאַן.

און וואָס איז אייגנטלעך אָפּאַטאָשו אויסן געווען מיט זיין ראָמאַן „פֿאַרן לעצטן אויפֿשטאַנד״?

פֿאַרבינדן דעם נעכטן מיטן היינט, אַנווייזן די המשכדיקייט פֿון אונדזער געשיכטע, אָנמערקן די פּאַראַלעלן פֿון אַמאָליקן קאַמף קעגן די רוימער מיטן היינטיקן קאַמף פֿאַר נאַציאָנאַלער אומאָפּ־הענגיקייט. דאָס איז געווען איינער פֿון די הויפּט־צילן פֿון אָפּאַ־טאָשוס „ר׳ עקיבא״, און דעם ציל האָט ער אָן צווייפֿל דערגרייכט בשלימות. יצחק סחורה, תנחום דער עם הארץ, שמעון בר קבוסה, עקילס, סאבינא, לוליאנוס, טעריפֿערא און גרוזילא, די אַלע זענען מענטשן אַזעלכע, וואָס מיר קענען זייערע דופּליקאַטן היינט באַ־געגענען אין קלענערע און אין גרעסערע יידישע ישובים. זייערע רייד, זייערע האַנדלונגען, זייערע עמאָציעס און געפֿילן זענען אונדז אַזוי נאָענט און היימיש ווי זיי, די מענטשן פֿון די געפֿילן, וואָלטן זיך היינט געפֿונען דאָ צווישן אונדז.

די געשפּרעכן, וואָס קומען פֿאָר אי ביי די קבוסהס אין הויז, אי ביי די לוליאנוסעס, אי אויף די וועגן, אָטעמען מיט היינטצייטיקייט. ווען מיר פֿאַרביטן די ווערטער רוימער אויף ענגלענדער, אויף אַראַבער, וואָלטן די פּאָליטישע אַרגומענטן היינט געווען אַזוי פּאַסיק ווי זיי זענען אַמאָל געווען. אַפֿילו דער ענין אַנטיסעמיטיזם ווערט באַהאַנדלט מיט אַזאַ געדאַנקען־גאַנג ווי ס׳וואָלט וועגן דעם געטראַכט איינער פֿון אונדז. נאָכן קומען פֿון טעאַטער, וואו יידן זענען אין דער פֿאָרשטעלונג באַליידיקט געוואָרן, זאָגט מרים: „שולדיק זענען יידן אַליין... באַליידיקט מען אין טעאַטער אַ יידן, דאַרף דאָרט קיין יידישער פֿוס נישט אַריבערטרעטן״ (ז. 282). און ווען פּאַפּיאַס דערקלערט אַריסטאבאָלוסן און די אַלע אַרומיקע פֿאַרוואָס מ׳האָט יידן פֿיינט, קלינגט אונדז זיין דערקלערונג אַזוי נאָענט ווי מיר אַליין וואָלטן זי ערשט די מינוט גענוצט. אַפֿילו דער אָפּגעפֿרעמדטער אַריסטאָבאָלוס געפֿינט אַ האָפֿענונג און אַ טרייסט, אַז מיר קענען זיגן קעגן דער מאַכט פֿון די רוימער, אין אַ חלום מיט וועלכן אַ סך פֿון אונדז טראָגן זיך היינט אַרום: „אויב דאָס קליינע יידישע פֿאָלק האָט געקענט געבן דער וועלט אַ גאָט, אַ תורה, האָט

געגעבן דעם תהילים... איז דאָך מעגלעך... אַז היינט, מאָרגן קען דאָך אַ ייד אויסטראַכטן אַ נייעם וועג ווי צו פֿירן מלחמה... און דעמאָלט וועט ס׳יידישע פֿאָלק אַריבערשטייגן די רוימער״ (ז. 286).

דער אָפּט שוין צו־קלוגער, צו יונג־דערוואָקסענער פּאַפּיאָס רעדט אַזאַ לשון, האָט אַזוינע רייפֿע און היינטצייטיקע רייד, אַז אונדז דאַכט זיך, אַז מיר הערן פֿון זיין מויל די רייד פֿון אונדזערן אַ באַקענטן, אַן אינטעליגענטן חבר, וואָס קען גוט יידישע געשיכטע. „ווען אַלע יידן וואָלטן ביים צווייטן חורבן געווען אין לאַנד״, זאָגט פּאַפּיאָס, „ווער ווייסט צי מיר וואָלטן היינט דאָ געזעסן, געהערט און געהלומט וועגן אַן אויפֿשטאַנד קעגן שונא... מיר זענען אָבער ביים צווייטן חורבן שוין געווען אַ וועלט־פֿאָלק און די צעוואָרפֿנ־קייט האָט אונדז געראַטעוועט״ (ז. 345). האָט איר אַליין, צי אייער־רער אַ חבר די דאָזיקע ווערטער נישט גענוצט ערשט נעכטן אָדער אייערנעכטן אין שייכות מיט אונדזער היינט? דערקלערן מיר דען היינט נישט דעם נס פֿון אונדזער איבערלעבן די היטלער־מגפֿה מיט די זעלביקע ווערטער?

נישט נאָר רעדן די יידן פֿון יענער צייט ווי מיר היינט, נאָר זייערע האַנדלונגען, זייערע באַציאונגען פֿון מענטש צו מענטש זענען אַזוי ענלעך אויף אונדזערע אייגענע האַנדלונגען און באַ־ציאונגען, אַז מיר פֿאַרגעסן אַ סך מאָל, אַז מיר לייענען אַ ראָמאַן פֿון שיר צוויי טויזנט יאָר צוריק. אמת, אַז זייער שטייגער, זייער מאַטעריעל־קולטור־לעבן איז אַנדערש ווי אונדזערס; אמת, אַז זיי־ערע הייזער, זייער עסן, זייער קליידונג זענען פֿרעמד און ווייט; אַפֿילו אַזאַ שטריך ביי טיש־מאַניערן ווי רייסן שטיקער חלה פֿאַר המוציאס אָנשטאָט שניידן מיט אַ מעסער, זעט אונדז אויס נישט־יידיש, אָבער די אַנדערשקייט איז בלויז אַן אויסערלעכע. אַפּאַטאָשו האָט מיט אַ באַזונדער פֿלייס, מיט גרויס מי אַריינגעפֿירט אָט די אַנדערשקייט, אָט דעם שלל פֿון שטייגער לעבן אין זיין ווערק און אָט די שטריכן, קליינע, אָפֿט אויבנאויפֿיק־אומבאַדייטנדיקע שטריכן שאַפֿן די גע־העריקע אַטמאָספֿערע, גיבן דעם נויטיקן קאָלאָריט צו דער סביבה, וואָס ער מאָלט אַזוי פֿאַרבנרייך, אַזוי מייסטעריש־קינסטלעריש. זעלטן ווען מיר לייענען אַן אַרבעט, וואָס זאָל זיין אַזוי רייך אין

סביבה־שילדערונג ווי ס'איז „ר' עקיבא". גאַנצע לאַנדשאַפטן גע־מאָלן מיט אַ געניטער האַנט, מיט אָפּאַטאָשושע, אייגן־געמישטע פאַרבן, געקרעפּטיקט מיט זיין בליציק־צמצומדיקן, קאָמפּאַקטן סטיל, גאַנצע געמאָלן זענען דאָ אין בוך אויף זייטל נאָך זייטל, און אַלע געמאָלן מישן זיך איינער מיטן אַנדערן און עס שטעלט זיך פאַר אונדז אַוועק אַ רייכע פּאַנאָראַמע פון ארץ־ישראל ערב דעם לעצטן אויפשטאַנד.

איבער דער דאָזיקער פּאַנאָראַמע שוועבט דער גייסט פון דעם, וואָס דאַרף זיין דער הויפּט־העלד פון ראָמאַן, דער גייסט פון ר' עקיבאן, וואָס איז אָבער בכיוון אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַ ביסל אין אַ זייט כדי ער זאָל מיט זיין גרויסער פּערזענלעכקייט נישט דאָמינירן איבער דער גאַנצער סביבה.

שטייט טאַקע ר' עקיבא מער אין אַ זייט, זעט מען אים טאַקע זעלטן און נאָר דעמאָלט ווען זיין דערשיינונג ווערט אַן אַבסאָלוטע נויטווענדיקייט. אָבער אַפילו אין זיין שטיין אין אַ זייט פילט מען ווי זיין גייסטיקער כּוח פירט אָן מיטן גאַנצן אַרום, דיריגירט דעם גאַנצן אָרקעסטער, וואָס גרייט זיך אָפּצושפּילן די מעכטיקע און העראָאישע סימפאָניע פון לעצטן אויפשטאַנד. אומעטום רעדט מען וועגן ר' עקיבאן, אַלע ווייסן, אַז ער האָט זיך פאַרבונדן מיט די וואָס זענען זיך גרייט מקריב צו זיין פאַרן קיום האומה, און זיין וואונק, זיין קלענסטע באַמערקונג איז גענוג אָנצופילן מיט מוט און גלויבן, מיט האָפענונג און שטאַרקייט די וואָס גרייטן זיך צום לעצטן קאַמף. זעט טאַקע ר' עקיבא אָפּט אויס ווי אַ געטלעך גע־שטאַלט, וואָס שוועבט ערגעץ ווייט פון דער ערד וואו זיין גייסט ווירקט אַזוי שטאַרק און מעכטיק; זעען מיר טאַקע אָפּט ר' עקיבאן בלויז פון ווייטן, הערן מיר אים טאַקע אַ סך מאָל נאָר ווי אַ מין ווייטע מוזיק, וואָס וועקט שטיל און גלעטנדיק צו מעשים, אָבער פון צייט צו צייט פירט אים אָפּאַטאָשו אַרויס פון זיין ווייטער איינגע־הילטקייט, נעמט ער פון אים אַוועק דעם נביאישן, דעם ווייט־הימ־לישן טאָן און לאָזט אים זיך באַווייזן אין זיין פולער בלוט־און־פליש־מענטשלעכקייט. אָפּאַטאָשו קען זיין העלד מער נישט האַלטן צופיל אָפּגערוקט אין אַ זייט. ער מוז אים לאָזן זיך באַווייזן כאָטש

געציילטע מאָל אין זיין טאָג־טעגלעכקייט, אין זיין וואָכעדיקייט. און ווען אָפּאַטאָשו עפֿנט אויף אַ פֿענצטערל, אַ שפּאַרע בלויז, צום מענטש, צום ערדישן ר׳ עקיבא דערזעען מיר אים אין זיין פֿולער ערדישקייט, אין זיין גאַנצער „מאַן און טאַטעשקייט״.

טרעפֿן מיר ר׳ עקיבאן ווען ער שפּאַצירט אין פֿעלד און ער זעט אַ ציג מיט פֿולע אייטערס; רופֿט זיך אין אים אָפּ זיין אַמאָ־ליק פּאַסטעך־לעבן און ר׳ עקיבא ווערט אויף אַן אויגנבליק צוריק אַ פּאַסטעך; פֿאַרוואַרפֿט די פֿינגער צווישן די ליפּן און לאָזט אַרויס „אַ דינעם פֿייף מיט די ליפּן, דערנאָך שטיקלעך קלאַנגען, ווי עס וואָלט געווען ציגן־לשון״ (ז. 34). ער נעמט נאָכדעם די ציגן, שפּילט זיך מיט זיי און רעדט מיט זיי ווי מיט אייגענע און די ציגן דערקענען אין עקיבאן זייערן אַ חבר, אַ נאָענטן, אַ געטרייען פּאַס־טעך.

און אָט איז ר׳ עקיבא ביי זיך אין הויז. אַ טאַטע וואָס האָט ליב זיין טאָכטער ציפּורה. אַ טאַטע, וואָס וויל זיין טאָכטער זאָל געפֿעלן ווערן, זאָל אויסנעמען, געפֿינען חן און לייטזעליקייט ביי בחורים. טוט די טאָכטער צפּורה אָן אַ קליידל און זי באַווייזט זיך פֿאַרן פֿאָטער אין איר קאָקעטישקייט. קוקט דער טאַטע עקיבא אויף דער טאָכטער צפּורה און ווי מענטשלעך־ערדיש, ווי טאַטע־דיק ער טוט אַ זאָג: „ניין, טאָכטער... גיי און טו אָן ס׳בלויע קליידל, ס׳פּאַסט דיר בעסער״ (ז. 234). נישטאָ דאָ קיין סימן שטייפֿקייט, קיין צייכן פֿון ווייטקייט. דאָ שטייט פֿאַר אונדז אַ פֿול־בלוטיקער, אַן ערדישער טאַטע ווי אַלע טאַטעס פֿון אַלע צייטן.

אין אַן אַנדער היימישער סצענע האַנדלט זיך וועגן דעם, אַז די טאָכטער צפּורה וויל גיין אויף אַ וויזיט צו די בר־קבוסהס. יהושע, דער זון פֿון די קבוסהס, איז שוין איר חתן. רחל, ר׳ עקיבאָס פֿרוי, וויל נישט, אַז צפּורה, אַ כלה־מיידל, זאָל אַליין גיין צו די בר קבוסהס. ר׳ עקיבא ווייסט נישט, אַז רחל האָט דער טאָכטער נישט געהייסן אַליין גיין. צפּורה וויל גיין. זאָגט איר ר׳ עקיבא: „גיי, טאָכטער, גיי״. אָבער אַז צפּורה גיט אים איבער וואָס די מאַמע האָט געזאָגט רעדט ער ווי יעדער מאַן, ווי יעדער דאָאי־קער, ערדיש נאָענטער, מענטשלעכער טאַטע וואָלט גערעדט צו

זיין קינד: „אויב די מאַמע וויל נישט דו זאָלסט אַליין גיין צו די בר קבוסהס, נעם מיט ברוריהן (ז. 335).

די אויבנדערמאָנטע האַנדלונגען און נאָך אַזעלכע, וואָס זע־נען דאָ און דאַרט צעוואָרפן איבער די זייטן פון בוך, זענען טאַ־קע נישט קיין אָפּטע דערשיינונגען, דאָך ברענגען זיי ר׳ עקיבאן אין געוויסע מאָמענטן אַזוי נאָענט צו אונדז, אַז מיר פאַרגעסן אַ סך מאָל, אַז אַפּאַטאָשו האָט אויסגעקליבן דעם אינדירעקטן מע־טאָד פון אַרויסהייבן זיין העלד אָנשטאָט אים אַליין צו לאָזן רעדן פאַר זיך, אָנשטאָט אים אַליין זיך צו לאָזן באַווייזן אויף דער אַרע־נע פון אַקציע. מיר וואָלטן זיכער געוואָלט זען ר׳ עקיבאן אָפּטער, מיר וואָלטן זיכער געוואָלט מיט אים זיך באַקענען אינטימער, ווערן נענטער צו אים דורך אַ סך דיאַלאָגן, דורך אַ סך אַקציעס ווי די אויבנדערמאָנטע, אָבער בעת לייענען דעם ראָמאַן זענען מיר אַזוי פאַרטאָן אין דער גאַלעריע געמעלן, וואָס שוועבן פאַר אונדז פאַר־ביי, זענען מיר אַזוי פאַרנומען מיט די פאַרבנרייכע בילדער, וואָס אַפּאַטאָשו מאָלט פאַר אונדז, אַז מיר פאַרגעסן אָפּט, אַז ר׳ עקיבא אַליין איז נישט אַלע מאָל אין פאָדערגרונט פון ראָמאַן, וואָס איז געקרוינט מיט זיין נאָמען.

מיט זיינע אַלע רייף־קינסטלערישע מיטלען, מיט זיין סטיל, וואָס איז ווי גראַניט, מיט זיין ווערטער־אויסקלייב, וואָס מ׳קען ממש פילן מיט זיי די ריחות פון דער לופט אין ארץ־ישראל פון יענער צייט, מיט זיין רייכן אוצר ווייסן, וואָס אַפּאַטאָשו וועבט אַריין אין דער גרויסער קאַנווע, מיט די אַלע מיטלען האָט זיך אַפּאַטאָ־שו איינגעגעבן צו ברענגען אונדזער העראָאישן נעכטן צו אונדזער היינט און צו פּראָיעקטירן אונדזער היינט אין די ווייטקייטן אַריין פון אונדזער נעכטן.

זיין באַרגאַרויפּיקער גאַנג אין דער טעמע, אין אינהאַלט האָט אים אויף אַזאַ אופן געפירט צו אַלץ העכערע שטאַפּלען פון קינסט־לערישער פאַרפיינערונג, פאַרטיפקייט און שלימות. נישט קיין מעשה איז אונדז אַפּאַטאָשו אויסן געווען צו דערציילן אין ר׳ עקיבא. ער האָט געהאַט דעם פּלאַן; האָט דערנאָך געקליבן די ציגל; די ציגל האָט ער מיט אַ געניטער האַנט געלייגט איינעם אויפן אַנ־

דערן, איינעם לעבן צווייטן און ער האָט פֿאַמעלעך, נאָך יאָרן מי, אויפֿגעבויעט די אַרכיטעקטאָניש־אימפּאָזאַנטע געבײַדע „ר׳ עקיבא״. און אויב „ר׳ עקיבא״ איז נישט אָפּאַטאָשוס קרוין־ווערק, איז עס זיכער זײַן בעסט־פּלאַנירטע און סטיליסטיש רײַפֿסטע אַרבעט.

די געניטקייט פֿון אָפּאַטאָשוס פּלאַן פֿון דעם ווערק, די סטיליסטישע רײַפֿקייט, די קינסטלעריש׳ע דערגרייכונגען, זעען זיך בולט אָן אַזוי שנעל ווי מיר לייענען איבער איינס, צוויי קאַפּיטלעך פֿון בוך, אַזוי גיך ווי מיר לייענען נאָר איבער אַ פּאָר בילדער פֿונעם ראָמאַן. מיר זעען גלייך, אַז אָפּאַטאָשו איז אונדז אויסן געווען צו געבן באַזונדער אָפּגעשלאָסענע קאַפּיטלעך, יעדעס קאַפּיטל אַ בילד פֿאַר זיך, יעדעס קאַפּיטל אַ מין געזאַנג אין פּראָזע, וואָס האָט אין זיך אַלע עלעמענטן פֿון גאַנצקייט, כמעט אַ מין דעסקריפּטיווע דערציילונג, וואָס קען געלייענט ווערן ווי אַן איינס און דאָך פֿירט יעדעס קאַפּיטל אונדז אַרײַן אין אַ געמיט־צושטאַנד פֿון זײַן גרייט אויפֿצונעמען דאָס קומענדיקע קאַפּיטל. אַ דינער געדאַנקען־פֿאָדעם ציט זיך פֿון איין קאַפּיטל צום צווייטן און די קאַפּיטלעך ווערן איינס מיטן אַנדערן פֿאַרבונדן, קרייזן זיך איינס מיטן צווייטן און ווערן איינס. ווי פֿאַרשידענע, פֿילקאָלירקע מאָזאַאיקס אַזוי איז יעדעס קאַפּיטל פֿאַר זיך און ווען מ׳לייענט זיי איינס נאָכן צווייטן דערזעט מען מיטאַמאָל, אַז די דאָזיקע באַזונדערע מאָזאַאיקס האָבן זיך צוזאַמענגעגאָסן, האָבן זיך פֿאַרייניקט און ס׳איז פֿון זיי מיטאַמאָל געוואָרן איין גאַנצער געמאָל.

עס זענען דאָ קאַפּיטלעך אין בוך וואָס זען אויס צו זײַן איבערגעלאָדן מיט ערודיציע, מיט יידישן וויסן, מיט עטישע, פֿילאָזאָפֿישע, אַפֿילו טעאָלאָגישע געדאַנקען און אידייען. וואָלט די ערודיציע געווען אַן אויבנאויפֿיקע, אַן אַרויפֿגעצוואונגענע, וואָלטן די דאָזיקע קאַפּיטלעך זיכער געליטן פֿון אָט־דער איבערגעלאָדנקייט, אָבער בײַ אָפּאַטאָשון פֿליסט די ערודיציע אַרויס פֿון די נאַטירלעכע קוואַלן פֿון זײַנע ברייט־פֿאַרצווייגטע ידיעות, פֿון זײַנע קוואַלן פֿון פֿאָרשונג, פֿון אָנגעזאַפּטער געלערנטקייט און באַהאַוונטקייט אין יידישע מקורות. אָפּאַטאָשו איז אַ קינסטלער אַ תּלמוד־חכם און

זיין ערודיציע איז נישט דער רעזולטאַט פֿון חעלן זיך באַוויזן מיט וואויל געלערנטקייט נאָר זיין ערודיציע איז אַריינגעפּירט געוואָרן כּדי דאָס בּילד, די סביבה זאָל אַרויסקומען גאַנץ, זאָל אַרויסקומען אמת, כּדי זיינע העלדן זאָלן דערשיינען אין זייערע נאַטירלעכע פֿאַרבּן, זאָלן זיין וואָס מער לעבּעדיק.

אַוודאי איז מעגלעך, אַז ערודיציע אין אַ געשיכטלעכן ראָמאַן, אין אַ נאָוועלע זאָל זיך אַוועקלייגן ווי אַ שווערער בּאַלאַסט אויפֿן לייענער. צופֿיל געלערנטקייט, צופֿיל וויסן, וואָס ווערט אַריינגעפּירט אין אַ בּעלעטעריסטישער אַרבּעט, טוט אָפֿט מער שאַדן דאָס ווערק ווי גוטס. ניט איינמאָל זענען גרויסע וועלט־קינסטלערס געשטרויכלט געוואָרן דורך דעם, וואָס זיי האָבּן דעם קוואַל פֿון זייער וויסן געלאָזט פֿריי און אומגעצוימט אַרויספֿליסן אויף די זייטן פֿון זייער ווערק. טאָלסטאָיס „קריג און פֿרידן" וואָלט זיכער נישט געליטן דערפֿון ווען הונדערטער זייטן פֿון פֿילאָזאָפֿישע אַרגומענטאַציעס און פּלפּולים, ווען גאַנצע טיילן פֿון בּוך וואָס פֿאַרקריכן אויף זייטיקע געשיכטע־וועגן וואָלטן פֿון בּוך אַרויסגעשניטן געוואָרן. ראָמען ראָלאַנדס „זשאַן קריסטאָף" וואָלט אויך געווען שטאַרקער, וואָלט אויך געווען קינסטלעריש גאַנצער ווען די געשיכטע און די טעאָריע פֿון מיזיק וואָלט דאָרט נישט אויפֿגעגעבּן אַזוי פֿיל זייטן. און טהאָמאַס מאַנס „צויבּערבּאַרג" וואָלט זיך זיכער געלייענט אַ סך געשמאַקער, אַ סך לעבּעדיקער, ווען דער קינסטלער וואָלט זיינע סעטעמבּריניס נישט געלאָזט פֿאַרקריכן אַזוי ווייט און אַזוי בּרייט אין די צעצויגענע פֿילאָזאָפֿישע, מעטאַפֿיזישע, און טעאָלאָגישע געשפּרעכן. געוויס דאַרף זיין אַ מאָס. זיכער מוז דער קינסטלער זיך קאָנטראָלירן און זיך נישט לאָזן פֿאַרפֿירן פֿון יצר הרע, נישט לאָזן דעם תּלמוד־חכם אין אים נעמען די אויבּערהאַנט איבּערן קינסטלער. קינסטלערס מיט פֿליסיקע פֿעדערס, קינסטלערס, וואָס שרייבּן פֿלינק און געשיקטליידן אָפֿט אויף דער דאָזיקער חולאת. זיי לאָזן זיך פֿאַרפֿירן פֿון דער פֿעדער און ס'וואַקסן אויס בּיי זיי גאַנצע בּיכער־טיילן, וואָס קערן מער צו דעם זשאַנר שרייבּן, וואָס קען אָנגערופֿן ווערן פּובּליציסטישע־בּעלעטריסטיק ווי בּאמת קינסטלערישער שאַפֿן.

אַפּאַטאָשו קען נישט ווערן פֿאַרפּירט פֿון זיין פּעדער. אַפּאַטאָ־שוס עצם סטיל איז צמצום, געמאָסטנקייט, אויסגערעכנטקייט. ביי אַפּאַטאָשון זענען די רייד פֿון זיינע העלדן אָפּגעציילטע. אַפּאַטאָשו איז קאַרג אויף אַ וואָרט; און אַ געדאַנק, אָפּט אַ גאַנצע אידייע, גיט ער איבער אין אַ פּאָר אויסגעהאַקטע שורות, שורות וואָס שטייען אייזן־שטאַרק, שורות וואָס זענען ווי געביידעס, וואָס קענען אפילו קיין איין ציגל פֿון זייער סטרוקטור נישט פֿאַרלירן. נישטאָ ביי אַפּאַטאָשון קיין איבעריקע ווערטער און דערפֿאַר קענען ביי אים נישט זיין קיין איבעריקע געדאַנקען, קיין געדאַנקען אַזעלכע וואָס מ׳קען אַרויסנעמען פֿון טעקסט און דער טעקסט זאָל בלייבן גאַנץ. אַפּאַטאָשוס ערודיציע איז אַריינגעפּירט מיט צמצומדיקער אויס־גערעכנטקייט און דערפֿאַר איז די ערודיציע אַן אינטעגראַלער טייל פֿון זיין ווערק, דערפֿאַר איז די ערודיציע נישט קיין סופּער־סטרוק־טור נאָר איז איינגעבויט און פֿאַרבויט אין דער סטרוקטור גופא. ר׳ עקיבא רעדט, עקילס זאָגט עפּעס, יהושע אַרגומענטירט; אָט־אַזוי זעט זיי אַפּאַטאָשו, אָט־אַזוי הערט ער זיי רעדן, אַזוי לויפֿט זייער געדאַנקען־גאַנג און אַזוי לאָזט זיי אַפּאַטאָשו שמועסן. קען זיך אונדז דאַכטן, און ס׳דאַכט זיך אונדז טאַקע אָפּט, אַז יהושע איז עפּעס צופּיל דערוואקסן אין זיינע אידייען פֿאַר זיינע יאָרן, קען גריילעך זיין, אַז אַן אַנדער קינסטלער וואָלט יהושען, פּאַפּיאַסן געלאָזט אַנדערש רעדן, אַנדערש דענקען, אַפּאַטאָשו האָט זיי אָבער אַזוי געזען און דאָס איז זיין קינסטלערישער אמת. און דעם דאָ־זיקן קינסטלערישן אמת פֿאַרשלייערט נישט אַפּאַטאָשו אין קיין ים רייד. אין געציילטע זאַצן, אין אַ פּאָר שורות, אין אַ קורצן פּאַ־ראַגראַף זאָגט זיינער אַ העלד אַרויס אַ טיפֿן געדאנק, אַ קריש־טאָל־קלאָרע אידייע און גלייך גייט ווידער אַפּאַטאָשו איבער צום מאָלן, צום דערציילן, צום צייכענען בילד נאָך בילד. און אַפּאַטאָשו דערגרייכט אויף אַזאַ אופֿן אין ראָמאַן „ר׳ עקיבא" צו סטיליסטי־שער שלימות, צו העכסטער סטיליסטישער רייפֿקייט. דאָס וואָס אַן אַנדער קינסטלער וואָלט דערציילט, וואָלט געמאָלן אין קאַפּיט־לעך, אין גאַנצע זייטן, דאָס גיט אַפּאַטאָשו איבער אין שורות, אין אַ פּאַראַגראַף.

אָט סאַראַ גרויס בילד, סאַרא רייך בילד, סאַראַ געמאָל אָפּאַ־טאָשו גיט אונדז דאָ אין איין פּאַראַגראַף; ער מאָלט אַ חתונה, גיט אַ בילד פֿון אַ גרויסן געזעמל פֿון מענטשן; אַזוי פֿיל געסט, אַזוי פֿיל טראַכטן וואָס זיי גייען אָנגעטאָן. אַ סקאַט, אַ דיקענס וואָלט דאָך פֿאַרנומען אַ בוך מיט באַשרייבן זייער קליידונג, זייער אויסזען, און ווי פּשוט, ווי צמצומדיק אָפּאַטאָשו טוט עס און ווי רייך די קאַנווע איז אין איר קאָנצענטרירטקייט פֿון פֿאַרבן:

„די ווייבער אין קאָלירטע, געפּאָלדעוועטע 'סטולעס', מיט פֿראַנדזן ביז צום טריט. ס'יונגוואַרג — מיט נאַקעטע העלדזער, מיט נאַקעטע הענט, די פֿלעכטן פֿאַרלייגט אין מיטן קאָפּ, הויך, העכער ווי 'טורעמס' ביי כּלה־מיידלעך, ווי 'שטעט' ביי חתונה געהאַטע. די מיטליאָריקע — מיט אויסגעהאָפּטענע קעלנערלעך, וואָס פֿאַר־שטעלן דעם האַלדז; די ברייטע אַרבל פֿאַרקלאַמערט, זיי זאָלן זיך נישט אָפּדעקן, ווען מען הייבט די הענט; אונטער די אויגן — רינגען, שוואַרצע, טונקל בלויע, די שוואַרצאַפּלען זאָלן אויסזען גרעסער; אויף די הענט, אויף די פּיס — בראַסלעטן; אויף די העלדזער — גאָלדענע קייטן, שנירלעך פּערל, שנירלעך בורשטין, אויף די שטערנס — די שטאָט ירושלים, געהאַמערט און געקריצט אין זילבער, אין גאָלד" (ז. 351).

נישט נאָר דעסקריפּציעס זענען ביי אָפּאַטאָשון אַזוי מאַרמאָר שטיין געהאַקט, אַזוי צמצומדיק, אַזוי געמאָלן מיט סטיליסטישער געצאַמטקייט נאָר געפֿילן, עמאָציעס, איבערלעבונגען וואַקסן פֿאַר אונדז אויס אין געציילטע ווערטער, אין צונויפֿגעקליבענע ווערטער: „און אַז ער איז אַרויס אויפֿן ברעג, האָט מרים, אַ צעשטראַלטע אים דערלאַנגט אַ סדין, ער זאָל זיך אָפּטרוקענען. איר האַנט איז געבליבן שטעקן אין זיינער. אַ וואַרעמקייט איז אויפֿגעגאַנגען אין פּאַפּיאַסן. די נאָז־פֿליגל זענען געוואָרן וואַך, די אויגן אויפֿגעלויכטן; און ס'לייב, בויגיק, האָט זיך אַ ציי געטאָן, איז געוואָרן העכער" (ז.318).

מיט אַזאַ־אָ שפּאָרזאַמקייט פֿון וואָרט איז געשריבן אַפּאַטאָשוס ראָמאַן „ר׳ עקיבא״, מיט אַזאַ פֿאַרבנרייכקייט זענען אָנגעפּילט די באַזונדערע קאַפּיטלעך פֿון בוך. יעדעס קאַפּיטל אַ געמאָל, יעדעס קאַפּיטל אַ בילד, אַ דערציילונג־האַרמאָניע וואָס הייסט „ר׳ עקיבא״. וואָס איז דער ראָמאַן וואו אַפּאַטאָשו מאָלט פֿאַר אונדז דעם ערב אויפשטאַנד אין אַמאָליקן ארץ־ישראל.

דאָס בוך „ר׳ עקיבא״ איז דערווייל בלויז דער ערשטער טייל פֿון ווערק „דער לעצטער אויפֿשטאַנד״. צי אָפּאַטאָשו וועט שאַפֿן אַ טרילאָגיע וועגן לעצטן אויפֿשטאַנד וואָס די יידן האָבן דורכ־געפֿירט קעגן רוים, צי דער ראָמאַן וועט באַשטיין פֿון צוויי טיילן, ווי עס איז געווען „אין פּוילישע וועלדער״, ווייסן מיר נאָך נישט. אַפֿילו אָפּאַטאָשו אַליין קאָן נאָך נישט זיין זיכער וועגן דעם. גלייבן מיר, כּל־זמן ער איז נאָך פֿאַרנומען מיטן שרייבן דעם צווייטן טייל פֿון ראָמאַן. ס׳איז גאַנץ מעגלעך, אַז אין פּראָצעס פֿון שאַפֿן זאָל זיך אַזוי אַנטוויקלען די אַרבעט, אַז אָפּאַטאָשו וועט געפֿינען פֿאַר נויטיק צו שרייבן אויך אַ דריטן טייל פֿון דעם ראָמאַן. אַלענפֿאַלס האָבן מיר דערווייל דעם ערשטן טייל פֿון ראָמאַן אַ פֿאַרטיקן און מיר האָבן שוין געהאַט די געלעגנהייט ביז היינט צו האָבן גע־לייענט איניקע קאַפּיטלעך פֿון צווייטן טייל פֿון ראָמאַן, קאַפּיטלעך וואָס זענען געווען געדרוקט אין פֿאַרשידענע צייטשריפֿטן און זשור־נאַלן, קאַפּיטלעך פֿון מיטן אַרויס פֿון צווייטן טייל. מיר האָבן אויך געהאַט אַ באַזונדער געלעגנהייט צו הערן אָפּאַטאָשון פֿאַרלייענען די ערשטע דריי קאַפּיטלעך פֿון אָנהויב פֿון צווייטן טייל פֿון ראָ־מאַן. די קאַפּיטלעך זענען נאָך געווען אין מאַנוסקריפּט און ס׳איז מעגלעך, אַז דאָ און דאָרט וועט אָפּאַטאָשו נאָך ענדערן אַ שטעלע, בייטן אַ נאָמען, עפּעס צוגעבן אָדער אַראָפּנעמען, אָבער פֿון דעם וואָס מיר האָבן געזען אין דרוק און פֿון דעם, וואָס מיר האָבן גע־הערט לייענען אין מאַנוסקריפּט קענען מיר שוין מיט זיכערקייט זאָגן, אַז אָפּאַטאָשו פֿאַרנעמט זיך אונדז צו געבן אַן „איליאַדע״ אין פּראָזע, אַן עפּיק פֿון יידישער גבורה און מסירת נפֿש, און די העלדן פֿון דער „איליאַדע״ וועלן זיין זיסט די אַריסטאָקראַטישע זינדלעך פֿון טראָי, נישט קיין געטער און דעמי־געטער וועלן דאָ פֿירן די מלחמה קעגן רוים, נישט קיין העלדן, פּאַריס, אַקילעס אָדער פּריאַם וועלן דאָ קעמפֿן ווי לייבן, נאָר דער אויפֿשטאַנד וועט ווערן געפֿירט פֿון די יידישע פּלעבייער, די פֿאָלקסמאַסן, די מיט וועלכע מיר האָבן זיך באַקענט אין ערשטן טייל פֿון ראָמאַן, אין „ר׳ עקיבא״. דאָרט זענען זיי געווען געמיטלעכע, געלאַסענע מענטשן, וואָס זענען געווען

פֿאַרטאָן אין זייערע טאָג טעגלעכע דאגות; דאָרט זענען זיי געווען באַלמעלאָכעס, פּויערים, סוחרים, פֿאַסטעכער און שטילע, אידיליי־שע דאָרפֿסמענטשן. די רוימישע אונטערדריקונג, דער פֿרעמדער יאָך האָט אָפּט אַ וועק געטאָן אין זיי דעם געפֿיל פֿון פּראָטעסט, האָט זיי אָפּט אַפֿילו אויפֿגעשטורעמט מיט צאָרן קעגן פֿרעמדן אַריינדרינגער, אָבער דער שטורעם איז געווען אי ספּאָראַדיש, אי ספּאָנטאַן, אי אויבנאויפֿיק. אַ פֿונק פֿון צאָרן האָט אויפֿגעלויכטן און האָט זיך באַלד פֿאַרלאָשן. דאָ און דאָרט איז אַפֿילו געשען עפּעס, האָט זיך געשאַפֿן אַן אינצידענט, אָבער בדרך כּלל האָט אָפּאַטאָשו אין ערשטן טייל פֿון דער אַרבעט געמאָלן אַן ערב אויפֿשטאַנד, וואָס איז געווען אָנגעפֿילט מער מיט דער ערבדיקייט ווי מיטן געמיט פֿון צוגרייטונג צו אַן אויפֿשטאַנד. די ערבדיקע שטילקייט האָט אין זיך געהאַט צו ווייניק עקספּלאָסיווע מאָמענטן. אמת, ס׳איז דאָ אַ שטאַרקער געפֿיל פֿון סוספּענד־רטקייט אין די רייד און אין די האַנדלונגען פֿון אַ סך העלדן פֿון ערשטן טייל פֿון דער אַרבעט; עס באַווייזט זיך אַמאָל אַ וואָלקנדל און א ווינטל זאָגט אָן אַז ערגעץ וואו גרייט זיך אַ שטורעם, אָבער די לופֿט איז נאָך נישט טראָגנדיק מיט קיין אָנגעלאָדענע אויפֿרייס־שטאָפֿן, וואָס זאָלן געבן אַ באַגריף ווי ברויזנדיק דער שטורעם וועט זיין.

ר׳ עקיבא, פּאַפּיאָס, יהושע, בר כּוכבא, זיי די פֿירערס, ווייסן שוין וואָס זיי גרייטן צו, אָבער דאָס פֿאָלק, די מאַסן, זיי זענען נאָך פֿאַרנומען מיט זייערע אייגענע זאָרגן. אַפֿילו די פֿירערס אַליין ווייסן נאָך נישט וואָסער פֿאַרנעם דער אויפֿשטאַנד וועט האָבן. נאָכן פֿאַרטיק ווערן מיט „ר׳ עקיבא״ איז נאָך נישט קלאָר ווען און ווי אַזוי דער אויפֿשטאַנד וועט אייסברעכן, אָבער באַלד ביים אָנהויב פֿון צווייטן טייל פֿון ראָמאַן דערפֿילן מיר, אַז די אַטמאָספֿערע האָט זיך ראַדיקאַל געביטן. די אידיליע פֿון נעכטן ווערט צערונען. דער הימל הייבט זיך אָן צו פֿאַרציען מיט שווערע וואָלקנס. די לופֿט ווערט געדיכט און פֿון די ווייטע האָריזאָנטן דערטראָגן זיך פֿאַר־שטיקטע קלאַנגען פֿון דונערן, און בליצן הויבן אָן צו פֿאַסעווען די געדיכטע לופֿט. נישט ר׳ עקיבא, נישט פּאַפּיאָס, נישט בר־כּוכבא אפֿילו הייבן אָן דעם קאַמף. דער אויפֿשטאַנד הייבט זיך אַפֿילו נישט

אָן אין דער גרויסער שטאָט, וואו אינטעליגענטן און פּירערס זענען פאַרזאַמלט; דער שטורעם ברעכט אויס אין אַ פאַרוואָרפן ווינקל אין לאַנד, אין אַ קליין שטעטל, אין חרובא, וואָס געפינט זיך אין עבר הירדן, דאָרט וואו דער פאָלקס־מענטש, וואו די יידישע מאַסע געפינט זיך, דאָרט צעברויזן זיך די געמיטער פון די נעכטיקע אי־דילישע פאָלקס־מענטשן, וואָס ווילן מער דעם יאָך אויף זיך נישט טראָגן. די מאַסע, דער באַלמעלאָכע, דער פויער, דער פאַסטעך וואַרט נישט אויפן סיגנאַל אָנצוהייבן דעם אויפשטאַנד, זיי וואַרטן נישט מ׳זאָל זיי געבן אַ באַפעל פון אויבן; מתתיהו פון מודעין האָט אויך נישט געוואַרט אויף ירושלים; ער איז אַרויס אין קאַמף קעגן אנטיוכתן, קעגן דער מעכטיקער סעלעווקידישער אימפעריע, איי־דער ער האָט אַליין באַנומען וואָסער וויכטיקייט זיין מרידה וועט האָבן, וואָסערע רעזולטאַטן זי וועט ברענגען פאַרן יידישן פאָלק. זיין רוף „מי ל״ה״ האָט אין אָנהויב אָפּגעקלונגען ווי אַן עכאָ אין אַ וויסטן מדבר. דער פאָלקס־מענטש, דער פשוטער דאָרפסמענטש, יוחנן מיט די געזונטע אָרעמס, מיט די צעביילטע פויסטן, יוחנן פון חרובא ווייסט נישט ווי ווייט און ברייט דער אויפשטאַנד קעגן רוים וועט זיך פאַרשפּרייטן. אָפּאַטאָשו האָט בכיוון אויסגעקליבן אַ פאַרוואָרפן ווינקל, אויסגעקליבן אַ פשוטן פאָלקס־מענטש יוחנן ער זאָל אָנהייבן די מרידה דאָרט, אין עבר הירדן, ווייט פון צענטער פון יידישן ברויזנדיקן לעבן. די גרויסע שטעט האָבן אַ סך אינטע־ליגענטן, אינטעלעקטואַלן, אַריסטאָקראַטן, מענטשן וואָס האָבן זיך אסימילירט קולטורעל, גייסטיק; יידן, וואָס זענען איצט אַזוי ראָמאַ־ניזירט ווי זייערע אור־זיידעס אין אַנטיוכוסעס צייט האָבן זיך העלעניזירט. דאָס פשוטע פאָלק איז געבליבן געטריי די טראַדי־ציעס, די מנהגים פון זייערע אבות. דער דאָרף איז געבליבן יידיש גאַנץ, איז געבליבן נישט באַרירט פון דער פרעמדער השפעה, וואָס איז אַזוי טיף אַריינגעדרונגען אין די הייזער פון די לוליאַנוסעס, אַפילו אין די הייזער פון די בר קבוסהס; זיי, די יידן פון קליין שטעטל, פון דאָרף, זיי וועלן זיין די וואָס וועלן מיט לייבן־שטאַר־קייט, מיט מוט און שטאָלץ פאַרטיידיקן זייער פאָטערלאַנד; די זין פון יידישן פויער וועלן קעמפן קעגן פרעמדן באַצווינגער.

און אַפּאַטאָשו הייבט אָן דעם צווייטן טייל פֿון ראָמאַן „ר׳ עקיבא״ מיט אידיליש־דאָרפֿישער רואיקייט, וואָס ווערט גיך פֿאַרוואַנדלט, וואָס גייט שנעל איבער צו שטורמיש־עפּישער אויפֿשטאַנד־שילדערונג. און גלייך אין ערשטן קאַפּיטל דערפֿילן מיר דעם אָטעם, דערשמעקן מיר, אַז די אַטמאָספֿערע איז אָנגעלאָדן מיט פּולווער און מיר ווייסן שוין, אַז די געמי־טלעכקייט פֿון יידישן לעבן, וואָס אַפּאַטאָשו האָט געמאָלן אין ערשטן טייל פֿון ראָמאַן, אַז די געמיט־לעכקייט איז צעשמעטערט געוואָרן. דער צווייטער טייל פֿון ראָמאַן וועט זיך שוין נישט פֿאַרנעמען מיט קיין געלאַסענע פּאָליטישע, טעאָרעטישע, פֿילאָזאָפֿישע פּראָבלעמען. ס׳וועלן נישט זיין קיין סתם דיסקוסיעס און סתם וויכוחים. דאָ וועט ווערן געמאָלן אַ העראָאישער קאַמף, אַ קאַמף אויף טויט און לעבן, אַ קאַמף צווישן דער מעכטיקער רוימישער אימפּעריע און דעם איבערבלייב פֿון אַמאָליקן יהודה, אַ קאַמף צווישן דער שווערד פֿון אונטערדריקונג און דעם גייסט פֿון יידישן פֿאָלק, וואָס זוכט פֿרייהייט, וואָס וויל לעבן ווי אַ פֿאָלק מיט פֿעלקער גלייך, און דעם קאַמף וועלן פֿירן די פֿאָלקסמאַסן, די פּויערים און אַרבעטער, די באַלמעלאָכעס, די יוחננס, וואָס האָבן ערשט נעכטן אויסגעזען אַזוי געלאַסן, אַזוי רויִק, אַזוי געמיטלעך־צופֿרידן.

אַפּאַטאָשו קען גוט די יוחננס. ער קען זיי נאָך פֿון „אויף יענער זייט בריק״, פֿון „ראָמאַן פֿון אַ פֿערד גנב״. און יוחנן, וואָס דאַרף קעמפֿן קעגן רוים, האָט מעכטיקע פֿויסטן, קען זיך פֿאַרמעסטן קעגן אַ גאַנצער מחנה רוימער. און אַז מ׳דאַרף אַ פֿעדד, מ׳דאַרף לויפֿן מיטן פֿערד אָנזאָגן דעם אַרום, אַז דאָס פֿייער האָט זיך צעפֿלאַקערט, און אַז קיין פֿלינק פֿערד איז נישטאָ, ווייסט יוחנן, דער אורזיידע פֿון אַפּאַטאָשוס שפּעטערדיקע שלמה קראַדניקס, ווייסט ער ווי אַזוי צו רעדן צו אַ פֿערד, ווי אַזוי אים צו פֿאַרנאַרן, ווי אַזוי אים צו באַפֿרייען פֿון די פּענטעס. יוחנן איז אַ מבין אויף פֿערד; ער קלייבט אויס אין רוימישן לאַגער דאָס בעסטע פֿערד, דאָס פֿערד טיטוס, וואָס קער צום קאַפּיטאַן פֿון רוימישן גאַרניזאָן. יוחנן לאָזט זיך אַוועק אויפֿן פֿערד און צעטראָגט דעם אָנזאָג, אַז דער אויפֿשטאַנד האָט זיך אָנגעהויבן און מיר ווערן

מיטגעריסן מיט די געשעענישן, ווערן אַריינגעצויגן אין העראָ־איש־עפּישן געראַנגל און מיר וואַרטן שוין מיט שפּאַנונג אויף די ווייטערדיקע קאַפּיטלען פֿון אָט־דעם צווייטן טייל פֿון ראָמאַן. כאָטש מיר ווייסן ווי אַזוי דער געראַנגל וועט זיך ענדיקן, איז אונדזער אָנרעגונג נישט געמינערט; מיר ווייסן דעם סוף אָבער מיר ווילן וויסן ווי אַזוי, מיט וואָסערע פֿאַרבן און קאָלירן, מיט וואָסערע קינסטלערישע מיטלען וועט אָפּאַטאָשו אונדז פֿירן און דערפֿירן צום סוף.

דער ערשטער טייל פֿון ראָמאַן „ר׳ עקיבא" איז געווען אַ פּרעכ־טיקער מאָזאַאיק פֿון שטילע, אידילישע פֿאַרבן, איז געווען ערב־שטורעם, איז געווען געמיטלעך־רואיק; דער צווייטער טייל פֿון ראָ־מאַן זאָגט־צו צו זיין געמאָלן אימפּעטיק, האַסטיק, געמאָלן מיט שטאַרקע פֿאַרבן, מיט פֿאַרבן פֿון אויפֿרייס, פֿון שטורעם, מיט פֿאַרבן פֿון אומבארחמנותדיקן קאַמף, קאַמף ביזן סוף. און אָפּאַטאָ־שוס קינסטלערישע מיטלען, זיין שאַרף אויג, זיין אָפֿענער אויער, זיין רעאַליסטישער צוגאַנג צו זאַכן און געשעענישן, זענען צוגע־פּאַסט צו קענען מאָלן און שילדערן, צו קענען באַלעבן אָט־דאָס העראָאישע קאַפּיטל פֿון אונדזער געשיכטע. נישט אַש, נישט זינ־גער, נישט בערגלסאָן, קיינער פֿון די שרייבערס וואָלט דעם מאָ־טעריאַל נישט געקאָנט אַזוי באַהערשן, קיינער פֿון זיי וואָלט נישט גע־קענט אַריינגעבן אָטעם, אַריינהויכן נשמה, באַלעבן דאָס דאָזיקע קאַפּיטל געשיכטע, וואָס וועט זיכער קריגן אַ תּיקון אין צווייטן טייל פֿון אָפּאַטאָשוס ראָמאַן „ר׳ עקיבא", און אַ תּיקון וועט דאָס קאַ־פּיטל געשיכטע קריגן נאָר דורך אָפּאַטאָשוס אופֿן פֿון שרייבן ווייל אָפּאַטאָשוס קינסטלערישער כּוח ליגט חוץ אין מאָלן מיינסטנס אין באַשרייבן אַקציע, באַוועגונג.

אַש האָט ליב צו רעדן, צו דערציילן, צו פֿאָעטיזירן; אַש איז ליריש, מאַמעדיק; אָפּאַטאָשו איז טאַטעדיק־באַרעכנט; ביי אַשן לו־לוט זיך געמיטלעך, ביי אָפּאַטאָשון גייט מען פֿון טאַט צו טאַט, פֿין אַקציע צו אַקציע. אָפּאַטאָשוס העלדן טוען כּסדר עפּעס, זיי באַוועגן זיך אין צייט און אין רוים; אַשס פֿאַרשווינען רירן זיך פֿאַ־מעלעך, טראַכטן, בענקען, מוזיצירן, אָפּאַטאָשו פֿאַרנעמט זיך מיט

דער טאָג טעגלעכקייט, מיט דער וואָך פֿון זיינע פֿאַרשוינען; ביי אַש דאָמינירט דער יום־טוב, דער שבת. אַש האָט פֿון שטעטל שוין פֿאַרוואָרפֿן אַ בריק צו דער יידישער געשיכטע. אין אָפּאַטאָשוס אָנהויב איז נישט געווען קיין שפור דערפֿון, קיין אָנזאָג אַז ער וועט זיך אַ קערעווע טאָן פֿון זיין אַרום צו די קוואַלן פֿון געשיכטע; ווען אַש האָט זיך געווענדט צו דער געשיכטע נאָך זיינע טעמעס האָט ער אויך דאָרט געזוכט שטעטלשע ראָמאַנטיק, ער האָט אידעאַליזירט געשיכטע; אָפּאַטאָשו זוכט זיך צו דערגרונטעווען צו יענע אמתן אין דער געשיכטע, וואָס זענען אמתן אויך היינט. אַש האָט אין זיין גאַנג פֿון שטעטל צו דער העראָאיק פֿון דער געשיכטע פֿאַר־בלאָנדזשעט קיין אַמעריקע; אָפּאַטאָשו האָט זיך אויך אָפּגעשטעלט אין אַמעריקע, אָבער ער איז געוואָרן אַ תּושב דאָ, האָט דאָ אַרויס־געפֿירט די יידישע איינגערבירגערטע אַמעריקע; אָפּאַטאָשו האָט דערזען דעם אַמעריקאַנער יידן, דעם יידישן פֿאַרמער, דעם דאָרפֿס־מאַן, דעם יידן פֿון אַ גאַנץ יאָר אין זיין נייער סביבה. אַש האָט אַפֿילו אין זיין „איסט ריווער" נאָך געזען פֿאַר זיך דעם יידן פֿון שטעטל. ער האָט איבערגעפֿירט דאָס שטעטל קיין ניו־יאָרק מיט האַק און פּאַק.

אַשס קינסטלעריש געצייג איז בלויז ראָמאַנטיק, יום־טוב; די הויכע טעמפּעראַטור פֿון זיינע ווערק וואַקסט אַרויס פֿון אידעאַלי־זאַציע, פֿון מיטפֿירן מיט זיך אומעטום די שטעטלשע יחזקאל גאָמבינערס, שלמה נגידס; אָפּאַטאָשוס שטאַרקייט ליגט אין זיין מאָלן ערדיש, רעאַליסטיש, אין מאָלן מיט נאַטירלעכע פֿאַרבן; דער־פֿאַר זענען אָפּאַטאָשוס אַמעריקאַנער דערציילונגען פֿולבלוטיקער, שטאַרקער, איבערצייגנדיקער ווי אַשס; אַשן פֿעלט דאָ די שטעטלדי־קע סביבה; אים גיט זיך נישט איין איבערצופֿלאַנצן די היימישע גאָמבינערס אין דער פֿרעמדער, קאַלטער, אַמעריקאַנער ערד. אַש האָט אָנגעהויבן מיט יום־טוב, מיט שבת, האָט אָנגעהויבן הויך, איז געגאַנגען העכער, האָט זיינע פֿאַרשוינען באַהויכט מיט אידיליע, מיט געזאַנג, האָט זיי געטראָגן אויף די פֿליגל פֿון קינסטלערישער פֿאַנטאַזיע, האָט זיי סוף־כּל־סוף פֿאַרוואַנדלט אין דעמי־געטער, אין געטער. אָפּאַטאָשו האָט אָנגעהויבן מיט אונטערוועלט און איז פּאַ־

מעלעך געגאַנגען באַרג־אַרויף, איבערגעגאַנגען פֿון פּשוטן פֿאָלקס־מענטש, פֿון דער סביבה פֿון דאָזיקן מענטש צו אַ העכערער סביבה, איבערגעגאַנגען פֿון איין טעמע צו אַ טעמע פֿון אַ העכערער מדרגה, אָבער שטענדיק איז דער מענטש געבליבן מענטש, געבליבן ערדיש, געבליבן נאַטירלעך, געבליבן פֿולבלוטיק־לעבעדיק.

די טעמפּעראַטור אין אַשס שרייבן איז שטענדיק אַ הויכע, אַן איבערגעטריבענע, אַ טעמפּעראַטור וואָס האַלט זיך אַלעמאָל ביי איבערנאָרמאַלע גראַדן. ביי אָפּאַטאָשון איז די טעמפּעראַטור פֿון זיין שאַפֿן שטענדיק נאָרמאַל, זעלטן ווען אַ גראַד העכער ווי נאָר־מאַל, אָפּט אַפֿילו אַ שטריך, צוויי אונטער נאָרמאַל.

ביי אָפּאַטאָשון זענען די פֿאַרשוינען מענטשן מיט געזונטע חושים, מיט נאָרמאַלע, ערדישע פֿאַרלאַנגען, פֿול מיט לעבנסלוסט, פֿול מיט שטרעבונגען, מיט ווילן צו גייַן, צו טאָן, ערגעץ וואו צו דערגרייכן. ביי אַשן באַוועגן זיך זיינע כאַראַקטערן פֿאַמעלעך, זענען פֿלעגמאַטיש, חלומען און טוען אַלץ מיט אַ לאַנגזאַמען טעמפּאָ. ביי אָפּאַטאָשון ליבט מען זיך מיט ערדיש־נאַקעטער, עראָטיש־פֿרייער געוואַגטקייט. ליבע צווישן מאַן און פֿרוי, צווישן „ער" און „זי" ביי חיות פֿאַרנעמט אַ געהויבענעם און אָנגעזעענעם אָרט אין אָפּאַטאָשוס שאַפֿן. ביי אַשן זענען די ליבעס מער ראָמאַנטיש, מער אידיליש, מער צניעותדיק, דערפֿאַר אָבער פֿעלט אין זיי אָפּאַ־טאָשוס וויטאַליטעט, ס׳פֿעלט אין זיי די שטאַרקייט, די ערדישקייט, די פֿולבלוטיקייט, וואָס אָפּאַטאָשון געלינגט אַזוי איבערצייגנדיק אַרויסצוהייבן.

ביי זינגערן, ביי בערגלסאָנען איז שטענדיק דאָ אַ הינטער־גרונט פֿון פּעסימיזם, פֿון יאוש, פֿון פֿאַטאַליזם אין זייער שרייבן; ביי אַשן איז דער פּעסימיזם נישט אָנזעעוודיק־בולט, דער לייכטער פּעסימיזם איז פֿאַרדעקט מיט אַ שטילן הומאָר, איז פֿאַרדעקט מיט שלייערן פֿון ראָמאַנטישן אידעאַליזם; ביי אָפּאַטאָשון זעט זיך בולט, קלאָר, אַ געזונטער, מענטשלעכער אָפּטימיזם. וואָס שוועבט איבער כמעט אַלע זיינע שאַפֿונגען, אַן אָפּטימיזם, וואָס וואָרצלט אין די מענטשלעכע אינסטינקטן און פֿאַרלאַנגען, וואָס קומען בולט צום אויסדרוק אין זיין שאַפֿן.

אַש מאַנעווורירט מיט געפֿילן, מיט האַרץ. בערגלסאָן פֿאַר־דעקט זיין אומעט מיט חכמה, מיט פּיקחות. זינגער גיט זיך אונטער דעם גורל פֿון מענטש און ער פּרובירט פֿאַרזיסן די טראַגישע אומ־פֿאַרמיידלעכקייט מיט אַ מין לירישן רעאַליזם, וואָס זוכט צו לינ־דערן דאָס טראַגישע אַרום אונדז; אָפּאַטאָשו טראַכט לאָגיש, נעמט סטאָאיש אויף דאָס טראַגיש אומפֿאַרמיידלעכע און ווענדט זיין בליק צו די ליכטיקערע דערשיינונגען אין אונדזער לעבן. מיט דער דער־קענטעניש, מיטן וויסן פֿון אַ תּלמיד־חכם, מיטן כּוח פֿון פֿילאָזאָ־פֿישן דענקען ווישט ער אָפּ די גרענעצן צווישן לויטערן פּעסימיזם און אַבסטראַקטן אָפּטימיזם און ער באַווייזט אונדז דעם מענטש אין זיין אינסטינקטיווער נויגונג צו ווען לעבן, צו ווען געניסן פֿון לעבן, צו ווען פֿאַרגעסן דעם יאוש און אומעט, וואָס שטייען גרייט אים צו פֿאַרשלינגען.

זינגער שרייבט מיט אַ דירעקטן, אָפּט טרוקענעם סטיל, אַ סטיל אָן אַ באַזונדער אָרנאַמענטיק, אַ סטיל וואָס צייכנט זיך נישט אויס מיט קיין אינדיווידועלן אייגנאַרט, אָבער אַ סטיל, וואָס איז צוגעפּאַסט צו דער סביבה, צו די מענטשן וואָס ער מאָלט מיט זאַכלעכער פּשטות.

בערגלסאָן זוכט עפֿעקט, זוכט דאָס וואָרט וואָס זאָל זיין נישט אַזוי צוגעפּאַסט צום כאַראַקטער וואָס ער מאָלט, נאָר עס זאָל אויס־דרוקן זיין, דעם שרייבערס, געמיט־צושטאַנד. בערגלסאָנס וואָרט גייט אין שפּאַן, איז נוצלעך אַרויסצובורענען זיין, בערגלסאָנס, אַ חכמה, זיינעם אַ געדאַנק, זיין פּיקחות. בערגלסאָנס סטיל איז אַ סטיל פֿון בערגלסאָנישע מאַנעריזמען, אַ סטיל וואָס האָט אָפּט קיין שייכות נישט מיטן העלד, וואָס דענקט, טראַכט אָדער רעדט ווי בערגלסאָן הייסט אים. בערגלסאָנס סטיל איז באַקליידט מיט וואַזש־נע איינפֿאַלן, מיט קלוגע אויסדרוקן; בערגלסאָן האָט זיך ליב צו שפּילן מיט זיין וואָרט. זיין סטיל איז צמצומדיק, איז געמאָסטן, איז שטענדיק בערגלסאָניש.

אַש איז פֿליסיק, אַש איז באַרעדעוודיק, ביי אַשן גיסן זיך ווערטער; זיין סטיל איז לויז, זיין קאָנסטרוקציע שוואַך און אָפּט פֿעלערהאַפֿט; זיין שפּראַך איז אַן אומגעשליפֿענער אוצר פֿון ווער־

טער, וואָס ווערן גענוצט אָן אַ באַזונדער איבערקלייבערישקייט. אַשס סטיל איז אָ טייכל וואָס פֿליסט זיג־זאַגיש צווישן בערג און טאָלן, צווישן גראָז און פֿלאַנצן און אַלץ, וואָס עס טרעפֿט אויפֿן וועג טראָגט עס מיט זיך מיט. אַשס סטיל איז אָפֿט אַן אומגעשליפֿענער געזאַנג.

אָפּאַטאָשוס סטיל איז אַ געמאָסטענער, אַ געוואויגענער, אַ געצאַמטער; א סטיל וואָס איז אַזוי אייגנאַרטיק פֿאַר אָפּאַטאָשון ווי בערגלסאָנס סטיל איז דורך און דורך בערגלסאָניש. אָפּאַטאָ־שוס סטיל איז גראַניט־שטאַרק, אויסגעהאַמערט בולט, אַ סטיל וואָס איז פֿול מיט וויטאַליטעט, אַ סטיל וואָס איז אַרכיטעקטאָניש־אויס־געפּלאַנירט, וואָס איז געבויט אויף פֿעסטע יסודות. אָפּאַטאָשוס סטיל צייכנט זיך אויס מיט פּשטות, מיט קלאָרקייט, מיט צמצום, מיט געשמאַק, מיט פֿאַרביקייט און ניואַנסירונג, מיט ווירילייטעט; אָפּאַטאָשוס סטיל איז דער סטיל פֿון פֿלאָבערטן, אַשס סטיל דער־מאָנט אונדז אין דער לויזקייט פֿון טהאָמאַס וואולף. אָפּאַטאָשוס סטיל איז אומרואיקע־האַסטיקייט, וואָס איז געצאַמט; אימפּעט, וואָס איז געטאַמעוועט; אַשס סטיל איז לירישע געזעצלאָזיקייט, אַ געזעצ־לאָזיקייט פֿון אַ פֿאַרשפּילט קינד, אַ צעבאַלעוועט קינד, וואָס האָט אָבער אָפֿט אַזוי פֿיל חנען, אַז מ׳פֿאַרגעסט און מ׳פֿאַרגיט עס אַן אַ שיעור חטאים.

אָפּאַטאָשוס שפּראַך, זיינע ווערטער, זענען געקליבענע; זיי זענען ווערטער, וואָס דינען אָפּאַטאָשוס קינסטלעריש שאַפֿן. אָפּאַטאָשו שפּאַנט איין זיין וואָרט און הייסט אים אויספֿירן די אָדער יענע מיסיע; ער זוכט שטענדיק און געפֿינט דאָס וואָרט וואָס זאָל זיין פּאַ־סיק, וואָס זאָל שטאַרקן זיין סטיל. אַש ווערט פֿאַרשקלאַפֿט פֿון דער פֿליסיקייט פֿון זיין וואָרט, דאָס וואָרט פֿירט זיין סטיל, דאָס וואָרט קומט און שטעלט זיך אַוועק, בלייבט שטיק און אַש האָט נישט קיין כּוח, קיין ווילן צו בייטן דאָס וואָרט אויף אַן אַנדערן, אַ מער אַדעק־וואַטן אויסדרוק.

אָפּאַטאָשוס ווערטער קענען לאַכן, וויינען, קרעכצן, צאָרענען און שטורעמען. אָפּאַטאָשוס וואָרט דריקט אויס טעם, ריח, געשמאַק, טאָן, פֿאַרב, קאָליר. אָפּאַטאָשו טרייבט מיט בייטשן אַן איבעריק

ווארט, אַ ווארט וואָס דינט נישט דירעקט זיינע קינסטלערישע צוועקן; זיין ווארט מוז האָבן אַן אורזאַך פאַרוואָס עס זאָל מצרף ווערן צו זיין זאַך, וואָס איז אַן אָפּגעשלאָסענער קאַמער, וואָס איז אַ גאַנצע סטרוקטור.

אַש האָט ארום זיך אַ וועלט מיט פאַרבן; ער האָט פענדזלעס אויך; טינקט ער איין די פענדזלעס אין די פאַרבן און ער הייבט אָן צו מאָלן, שטעלן זיך אויס ווערטער און זאַצן און פּאַראַגראַפן, שטעלן זיי זיך אויס כמעט פון זיך אַליין, נאָר די אומגעהויערע שפע פון זיין טאַלאַנט, די השגחה וואָס גיט אַכטונג אויף זיין שאַפן, כישופט אַזוי אַרום זיינע פענדזל־שטריכן, אַז נאָכדעם ווי אַש ווערט פאַר־טיק מיט זיין בילד באַקומט זיך עפּעס פון זיך אַליין אַ שטיקל אָרדענונג אין דער אומאָרדענונג, שאַפט זיך אַן עפעקטועל בילד פון די אַלע אומגעצאַמטע ווערטער און זאַצן און מיר שטייען, מיר קוקן, מיר גאַפן און באַוואונדערן ווי אַזוי ער האָט געקענט אַזוי חנעוודיק צוזאַמענשטעלן אַזאַ רייכן געמאָל מיט אַזאַ אומאָרדענונג פון פאַרבן, ווי אַזוי ער האָט באַוויזן אויפצובויען אַזעלכע גרויסע ווערק פון אַזעלכע אָנגעוואָרפענע, נישט געקליבענע, נישט גע־סדרטע מאַטעריאַלן.

אַש און אָפּאַטאָשו, ביידע זענען די גרויסע מייסטערס פון דער יידישער פּראָזע, ביידע האָבן געגעבן דער יידישער ליטעראַטור איר אוניווערסאַלן פאַרנעם. אָפּאַטאָשוס שפּראַכלעכע, סטיליסטי־שע דערגרייכונגען שטייגן הויך און העכער ווען מיר פאַרגלייכן זיי מיט אַשס קינסטלערישע שרייב־מיטלען. אַשס שפע, אַשס שע־פעריש געשטאַלט וואַקסט אָבער אויס צו שפּיצבאַרגיקע הייכן ווען מיר באַקענען זיך, ווען מיר דערגרונטעווען זיך צו די קוואַלן, וואָס פליסן פון זיך אַרויס אַזעלכע ליטערע שטראָמען, שטראָמען, וואָס כאָטש זיי זענען נישט געצאַמט, נישט געטאַמעוועט, וואָס האָבן אין זיך אַ וועלט מיט רויקייט זענען זיי דאָך אָטעמפאַרכאַפנדיק, פאַרבלענדענדיק אין זייער פאַרבנרייכקייט, אין זייער פרישקייט.

אַש און אָפּאַטאָשו זענען די צוויי גרעסטע פּראָזע־קינסטלער וואָס אונדזער ליטעראַטור אויף יידיש האָט ווען עס איז געהאַט.

בערגלסאָן קאָן זיך אפשר מער פאַרטיפן אינעם געמיט פון זיינע העלדן. זינגער האָט זיך אפשר מער צוגעצויגט, האָט נענטער צוגעלייגט אַן אויער און האָט זיך צוגעהערט צום פולס פון זיינע העלדן, וואָס וואַרפן זיך אונטער דעם גורל פון אומפאַרמיידלעכן, פון אומעט, וואָס דערוואַרט זיי אין זייער יאָושדיק לעבן, אָבער קיינער פון זיי האָט נישט דערגרייכט די קינסטלערישע הייכן, וואָס אַש האָט דערגרייכט אין זיין לירישראָמאַנטישן אופן פון דערציילן, אין זיין וויזיאָנערישקייט, אין זיין ברייטקייט און הויכקייט, און קיינער פון זיי האָט אַפילו נישט באַוויזן צוצוקומען נאָענט צו אָפּאַטאָשוס מאָלערישער קראַפט, צו זיין סטיליסטישער תמימות, צו זיין טיפקייט פון דענקען, צום גרויסן קוואַל וויסן און חכמה, צו דער ערודיציע, וואָס ער האָט אַריינגעפירט אין דער יידישער ליטעראַטור.

אָפּאַטאָשוס באַרגאַרויפיקייט אין דער יידישער ליטעראַטור איז געווען אַ זיגזאַגישע, אָבער ער איז שטענדיק געשטיגן פון מדרגה צו מדרגה, פון שטאַפל צו שטאַפל, אַ טריט צוריק און צען שפּאַן פאָרויס; ער איז געגאַנגען אַזוי און האָט דערגרייכט צו די הייכן פון גרויסן ראָמאַן „ר׳עקיבא״.

אָפּאַטאָשו גייט נאָך ווייטער, שטייגט נאָך העכער, ער וועט נאָך אוודאי אָנשלאָגן העכערע הייכן, וועט נאָך דערגיין צו העכערע מדרגות ווי די צו וועלכע ער איז ביז היינט דערגאַנגען. אָפּאַטאָשו איז געפּאַנצערט מיט חכמה, מיט וויסן, מיט רייפער מייסטערשאַפט. ער האָט זיין קינסטלערישע אידייע, ער ווייסט וואוהין ער צילט און ער וועט אַוודאַי זיין ציל דערגרייכן.

# אינהאַלט:

Joseph Opatoshu's

# Creative Approach

by YUD FREILICH

**One Hundred and Sixty-Four Pages**

*February,* 1951



PRINTED IN CANADA

*Published and Printed by*

Pomer

**Publishing & Printing Co.**

GERSHON POMERANTZ
Proprietor

206 Spadina Avenue
Toronto 2-B, Ont.

36